א. ראבאי

# הערר גאָלדענבאַרג

(ראמאן)



ליטעראַרישער פערלאג
256 איסט בראדוויי ניו-יארק.
1916

## א.

אין דער זוייטער וועסט האָט דער איד, הערד גאָלדענבארג, ווייטע, ברייטע ראַנדזשען אויף וועלכע עס יאָגען זיך זיינע ווילדע פערד אָהן א צאָהל.

האַלט דער איד גאָלדענבארג צו זיינע פערד א יונג. איז ער א שטילער און טהוט זיין ארבייט אין צייט, האָט ליעב די פערד און די פערד האָבען איהם ליעב.

אַלע פריהמאָרגען שוועבט דער יונג אוועק אויף אַן אָנגעזאָטעלטער איינגעצוימטער בראָנקאָ איבער טהאָל און בערג, צונויפצוזאַמלען די פערד פון הערר גאָלדענבארג׳ס ווייטע ראַנדזשען.

פריהער טרייבט ער זיי צוזאַמען אין א גרויסען רינג ערגעץ אויפ׳ן פעלד. און אז ער האָט זיי שוין אַלע אויף א פּלאַץ, הויבט ער זיי אָן ארומקרייזען מיט זיין „רייטעריל״, פון אָנפאַנג גרינג, פּאַמעלאַך און נאָכדעם שנעלער און שטאַרקער.

די צוזאַמענגעטריבענע ווילדע פערד פאַנגען אָן נאָכטון דער אָנגע־זאָטעלטער בראָנקאָ. אפריהער איינער, א צווייטער און א דריטער.

און אזוי ביז אַלע פערד נעמען זיך דרעהען איינער אונטער׳ן אַנדערן. און ווען דער יונג טוט א קוק, אז אַלע פערדלאַך דרעהען זיך אין א קרייז, גיט ער א צייכען צו זיין „רייטעריל״ און עס טוט מיט איהם א שפּרונג און א פליה אין פאָראויס און אַלע פערדלאַך נעמען זיך נאָכיאָגען. צו צוויי, צו דריי אין א רייה. אָדער זיי ציהען זיך אויס צו איינציגווייז און לויפען נאָך אין א לאַנגער קייט דעם יונג און זיין „רייטעריל״.

אזוי קומט מען אָן צום טייכעל. דער פערד־יונג פאָהרט אריין אין

שטילען טייכעל דער ערשטער. אַלע פערד טוען איהם נאָך, און דאָס טיי־
כעל צוקלאַפּט זיך אויף ווייסענקע שטיקאַלעך. איעדען פערד קומט אָן
א חלק. און דאַן שוועבט מען אוועק מיט דעם הויכען איינגעשניטענעם
ברעג און פון דאָרט לויפט דאָס שמאָלענקע שטעגעל צום „קארעלל".

און אַלע מאָהל, ווען ער פיהרט זיי ארויס פון טייכעל און ער קוקט
זיך ארומטער, אז קיין איין פערדעל איז ניט פערבליבען אין וואסער,
רייסט זיך ביים פערד־יונג פון ברוסט א צופריעדענער: „האו־או־האוך!"

און אז מען קומט צום טויער פון דער הויכער און ברייטער „קארעלל",
שטעלט זיך דער יונג מיט זיין „דייטעריל" אוועק ביי איין זייט פון טויער.
און ער צעהלט די פערד, וואָס ציהען אין טויער אריין.

געהט דער לעצטער דורך אין טויער, שפּרינגט דער פערד־יונג שנעל
אראָפּ פון זיין זאָטעל און פערמאכט דעם שווערען טויער.

אַלע פערד, פון אינוויינינ קוקען איהם אָן.

דער פערד־יונג פערשווינדט איבער'ן בערגעל צום שטאַל. און קעהרט
זיך צוריק פון דאָרט מיט א פעטען און הויכען, שווארצען אַגער, ווענען'ס
טריט קלינגען אָפּ אין דער טיעפער ערד.

און ווי דער אָגער דערזעהט די אונרוהיגע פערדלאַך אין דער
פיער־עקיגער „קארעלל", לאָזט ער אָפּקלינגען א לאַנגען, ווילדען הירזשען.

דער פערד־יונג טוט א קנאַק מיט דער שווארצער, ווייכער בייטש
אין דער לופט אריין.

דער אָגער טוט א ציטער מיט זיין גאנצען ווייכען לייב.

דער יונג ברייננט איהם געלאַסען צו צום קארעל, עפענט דעם טויער
אויף א צוויי שפּאַן און לאָזט איהם אריין פריי אָהן א צוים.

דער אָגער טוט א בריקע אריין צווישען אַלע פערדלאַך. זיי לויפען
אוועק פון איהם אין די ווינקלען פון „קארעלל". און באַלד קלייבט ער זיך
אוים א ווייסע, יונגע שקאַפּע. ער טוט איהר א קוש אין האַלז.

זי וויל דאָס ניט פערליידען און הויבט אונטער איהרע הינטערסטע
פיס, איהם א בריק צו דערלאַנגען.

האָט ער שכל, דרעהט זיך ארוים פון איהר בריקע און גיט איהר באַלד
נאָך א קוש, דאָס מאָהל שוין אין די ליפּען.

זי גיט איהם א ביס דערפאַר אין רעכטען אויער אריין.

ער טוט א טאַנץ און א שפּרונג; לאָזט ארויס א פערשטיקטען

ברום, און פרובט ארויפלעגען זיין גרויסען קאָפּ אויף איהר האַלז.

זי טוט אַ קוק פון אַ זייט צו איהם, צולאַכט זיך הויך און קלינגענדיג און אנטלויפט פון איהם. און ער לויפט איהר נאָך, שפרינגט אוועק אין פאָרענט פון איהר, בויגט אָן זיין קאָפּ און לאָזט זי שוין ווייטער ניט אַנטלויפען.

און אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס. עס פערמעהרען זיך דעם אידען׳ס פערד. און דער יונג איז ביים אידען מיט גרויס כבוד.

## ב.

דעם אידען גאָלדענבארג׳ס הויז איז אָנגעפילט מיט אַל־דאָס־גוטס, אָבער ניט קיין קינדער.

האָט ער ארונטערגעבראכט זיין שוועסטער׳ס א מיידעל, הייסט זי דבורה און איז נאָך שעהנער פון זיין רחל׳ען ווען זי איז א כלה־מויד געוועזען.

און מען האלט זי, ווי אַן אייגענע בת־יחידה.

און זי האָט טאקע געבראכט פרייד אין דעם אידען׳ס הויז.

און נאָך מעהרער פרייד געטריבען אין דעם פערדיונג אריין. און ביים טיש, צו א מאָהלצייט, בעדיענט דבורה דעם פערדיונג מיט א געשיקטען, געהיימען חן.

ווען זי בעריהרט אמאָהל זיין האנד, פיהלט דער יונג, ווי א שארפער שטראָם טוט זיך א גיס אין זיין גאנצען לייב.

צו־מאָהל, אז עס גיט זיך איהם איין, שניידט ער אריין זיינע בליקען אין דבורה׳ן, און איהם דאכט זיך, אז פון דבורה׳ס אויגען לאכען טויזענד שטערענדלאך ארויס.

און אז ער עסט עפּעס, פיהלט ער, אז די מאכלים שמעקען מיט א געהיימען ריח, וועלכען דבורה האָט אין צייט פון קאָכען פאַר איהם אליין דאָרט פערבעהאלטען.

ווען זי רעדט פון עפּעס ביים טיש קוקט ער ניט צו איהר, נאָר ער שלינגט, און ציהט זיי, די ווערטער איהרע, אין זיינע לונגען אריין.

ער דערקענט, אז זי איז געוועזען ביים ברונעם נאָך וואסער. ער זעהט עס אין דעם ווייסען טעפּעלע, וואָס ליגט אויף׳ן דעק פון ברונעם. ער טרינקט אויס א טעפּעלע וואסער. ערשט ניט לאַנג איז דאָ דבורה געוועזען. עס איז געבליבען א ראָזעווער הויך פון איהרע ליפּען אויף דעם זוים פון טעפּעל.

און נאָך א זאַך. יעדען פריה־מאָרגען, ווען ער געהט פון זיין צימער אויף דרויסען, פערטראָגט עס צו איהם א ריח פון איהר יוגענד.

און איז ער אין פעלד פערטאָן אין זיין ארבייט, אז עס טוט א יאָג א ווינטעל — און ער דערשמעקט דבורה׳ן.

ער קוקט זיך ארום. אפשר איז זי געקומען צו איהם אין פעלד. זעהט זיך קיינער נים.

טאָמער ליגט זי אין די גראָזען בעהאַלטען?

פייפט ער צו איהר אזוי מילד. געהט פאַמעלאַך, ער זאָל זי ניט איבערשרעקען.

קיינער איז נימאָ — הימעל און ערד זיינען עדות —

געהט ער צוריק צו זיין ארבייט און עס פאַלט אויף איהם אָן א הארציגער פליים.

און אין הויז רעדט ער נאָך ווייניגער ווי תמיד.

ביים טיש שמייכעלט ער אזוי ווייך מיט זיינע מאסיווע ליפען, ווען עמעץ זאָגט א גוט וואָרט. און דבורה טוט א כאַפּ א בליק צום פערדיונג און אנטלויפט אין א זייט מיט איהרע אויגען. זי טראַכט פון א צופאַל, אז זי זאָל איהם אָנטרעפען און קיינער זאָל זיי ניט זעהען.

---

דאַרף דער יונג, אין אָן אָבענד, אין שטאַל ארויסגעהען. א קראַנקען פערד היילען. איטליכער אין הויז איז געווען מיעד פון טאָג.

איז דבורה מיט איהם אין שטאַהל ארוים צו האַלטען די ליכט.

נעמט דאָס קראַנקע פערד און טוט א בלאָז מיט זיינע נאָזלעכער. די ליכט לעשט זיך אויס. דבורה דערשרעקט זיך, און לאָזט פאַר שרעק די ליכט אראַפּ אויף דער ערד. בויגען זיי זיך איין זוכען די ליכט אין דעם איינגעבעמטען שטרוי הינטער׳ן פערד.

האָט ביים פערדיונג פלוצים א שלאָג געטאָן אין הארץ א פערלאַנג א קוש צו טון דבורה׳ן. און נאָכדעם וואָלט ער איהר דערצעהלען וועגען איהר ריח וואָס שווימט איהם נאָך א גאַנצן טאָג אין פעלד.

דבורה שלאָגט זיך אָן מיט איהרע ווייכע, שווארצע האָאר צו זיינע ליפען און ער בייסט זיך איין.

דבורה שווייגט.

די פערד שטעהען אין פינסטערען שטאַהל, פערשטומטע, און הערען זיך איין.

דער פערדיונג וויל ארומכאַפּען דבורה׳ן מיט זיין האנד:

רעדט זי אַרויס שטיל:
דאָס ליכט געפונען...

צינדט ער די ליכט מיט אַ בייזליכען קנאַל פון אַ „מעטש“ און מיט פערדרוס טוט ער אַ גיס די מעדיצין אויפ׳ן פערד׳ס וואונד. און זיי געהען שווייגענדיג אין הויז אַוועק. ערשט אויף דרויסען בעקומט דער פערדיונג מעהרער מוטה. און ביים טיר פון הויז טוט ער זי אַ פרעג:

— זיינט איהר היינט געוועזען אין פעלד?

— ווען איך בין דאָרט, זעהט איהר מיך — ענטפערט דבורה קורץ.

— עס איז געוועזען, ווי איהר האָט פאַר מיינע אויגען דורכגע־שוועבט. איך קוק זיך אַרום, קיינער! איך האָב, אָבער אַזוי ווי אָנגע־שמעקט אייער ריח, וואָס איז אַרויפגעקומען פון אַרום און אַרום.

דבורה טוט אַ לייכטען ציטער, עפענט די טיר פון הויז.

און נאָכדעם, ווען זיי בעגעגנען זיך אויג אין אויג שמועסען זיי אַלץ, שטומערהייד, פון יענעם ריח...

ג.

דבורה האָט געוואוסט, ווי זי ווערט געהאַלטען ביי איהר אָנקעל הערר גאָלדענבאַרג.

האָט זיך איהר איינמאָל פערוועלט אַרויסצורייטען אינאיינעם מיט דעם פערדיונג אין אַ פריה־מאָרגען און נאָר אויף דער פערדיל, וואָס הייסט „קיטי" און מיט דעם נייעם האָרענזאָטעל.

גאָלדענבאַרג איז דערויף בעשטאַנען און איהר נאָך מיט אַ שמייכעל אַ קניפּ געטון אין בעקעל. און אַ קוק טוענדיג צו זיין רחל'ען, געזאָגט:

— פאַר וואָס ניט? זאָל אַ קינד כאַפּען אַ רייט און האָבען אַ ביסעל פרייד.

גאָלדענבאַרג איז גלייך אַריין צו דעם פערד־יונג אין צימער'ל. איהם אָנגעזאָגט וועגען דבורה'לעס אַרויסרייטען און איהם אָנגעבעטען אויסצופּוצען „קיטי'ן" אין דעם נייעם זאָטעל און זעהען, ניט צו רייטען גיך.

---

דער יונג האָט שוין ניט געקענט אויספיהרען זיין אָבענד־אָבענדליכע אַרבייט. עס האָט איהם אַרומגענומען אַ פרייד, אַזוי ווי ביי אַ דאָרפסקינד, ווען זיין פאָטער זאָגט איהם צו מיטנעמען אין שטאָדט אַריין.

ער האָט ווינציג געטראַכט, און זיך אין זיינע קליידער שלאָפען געלעגט: טאָמער פערשפּעטיגט ער אויף מאָרגען, זאָל ער זיך ניט דאַרפען אָנטהאָן. איהם האָט זיך געוועלט זיין מאָרגען אין שטאַהל נאָך בעפאָר די פויגלען שטעהען אויף.

און אויף מאָרגען, אַז די שוואַרצקייט פון פענסטער האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבען בלויליך צו ווערען, איז ער שוין אַראָפּ פון בעט. אַריין אין קיך, זיך איינגעוואַשען אין צווייערליי וואַסערען און איז אַוועק אין שטאַהל אַריין.

דבורה האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דעם פערדיונג'ס שווערע טריט אין קיך. זי איז אַרונטער פון בעט אַ לייכטע און מונטערע. פערוואַשען איהר

פּנים אין קאַלטע וואַסער, איבערגעפלאָכטען איהרע ווייכע האָאר און זיי פערלייגט ארום קאָפּ. אָנגעטון איהר ברוינעם אנצוג און איז אויך ארויס אין שטאַהל אריין, וואו דער פערדיונג, ניט ערוואַרטענדיג זי אזוי גיך, האָט עפּעס בייזלאַך געברומט צו די פערד.

אז זי איז אין דער גרויסער צועפּענטער טיר פון שטאַהל אריין, איז איהר אַקעגען געקומען דער רעש פון דעם, וואָס אַלע פערד האָבען געשמאַק געמאָהלען דעם האָבער צווישען זייערע צייהן. דאָס, און דער שאַרפער שטאַהל ריח, האָבען אין איהר געגאָסען אַ ים מיט מוטה.

זי איז אריין אינוויינינג און געזוכט צווישען די פערד מיט איהר פייערדיגען בליק.

דעם פערדיונג'ס „רייטעריל" איז שוין געוועזען אָנגעזאָטעלט און בעפּוצט מיט רימענדלעך און לעדערנע טראַלדען, וועלכע זיינען געהאַנגען פוןביידע זייטען פון זאָטעל. דאָס „רייטעריל" איז געשטאַנען און איילענ־דיג געשלונגען דעם האָבער און קאָקעטירט, צוקלאַפּענדיג מיט די פאָ־דערשטע פיס.

דאָס „רייטעריל" האָט געכאַפּט אַ זייטיגען בליק צו דבורה'ן און:

„אָט באַלד, יונגע שעהנע דבורה, גיך וועלען מיר רייטען אין ווייטען פעלד אריין. איבער טהאָל און באַרג. וועלען מיר זיין אין טהאָל, וואו די נאַכט שוועבט נאָך אום אַ צומישטע און פערשטויסענע. נאָכדעם וועלען מיר ארויף אַ באַרג, וועט עס ווערען ליכטיגער און ליכטיגער. עס קומט אונז אַקעגען דער מאָרגען, מיט פּאַמעליכע, גרינגע טריט. מיר וועלען קומען צו רייטען אין מיט באַרג און זיך אָפּשטעלען אַ קוק צו טון. און די זון אין אַ טוי געוואַשענעם בלויען קלייד קומט ארויס פון טויער פון „הימעל און באַרג" און וואונדערט זיך אויף אונז, פארוואָס מיר זיינען אזוי פריה געקומען. און לאַנגע ווייטע קושען שיקט זי אונז מיט איהרע גאָלדענע און דיאַמענטענע אָנגעצירטע פינגער — ליעבע דבורה!.."

און דער יונג שטעהט ביי „קיטי'ן" און פּוצט זי ביים קאָפּ. „קיטי" וויל עס ניט פערליידען.

דבורה קומט צו נעהנטער, טוט קיטי'ן אַ גלעט מיט איהר ווייכער פרישער האַנד.

— מיר וועלען באַלד ארויסרייטען, — האָט דער יונג, אָנשטאָט גוטען־

מאָרגען, דבורה'ן געזאָגט. און פרום האָט ער עס געזאָגט מיט ארונטער־געלאָזענע אויגען.

דבורה האָט זיך א דרעה געטון פאר פרייד און די ברוינע קלייד האָט זיך צוטאַנצט איבער איהר יונגען בויגיגען קערפּערעל.

דעם פערדיונג איז די אַרבייט שנעל געלאָפען. אין איין אויגענבליק איז „קיטי" געווען געזאָטעלט און ארויסגעפיהרט.

דאָס קליינע פערדעל, „קיטי", מיט די ווייסע און שווארצע פלעקען אויף דער דינער און גלאַנציגער פעל, האָט געהאַלטען דעם קליינעם קאָפּ אין דער הויך. פון ביידע זייטען פון „קיטי'ס" קאָפּ זיינען געהאַנגען רויטע לעדערנע ראָזעטען, און פון מויל ארויס האָט געגלאַנצט די נייע ווייסע צוים און די געלע איידעלגעשניטענע לייצעס זיינען געווען רייך פערוואָרפען איבער „קיטי'ס" רונדען האַלז.

דבורה איז צוגעגאַנגען, א נעם געטאָן מיט איהר לינקער האַנד די לייצעס און מיט דער רעכטער האַנד זיך אָנגעכאַפּט אָן האָרען פון זאָטעל. פער־שטעקט איהר שארפען קליינעם פוס אין טרעטער, זיך אונטערגעהויבען און פערוואָרפען איהר קליינעם קערפּער אויף דעם זאָטעל.

דער יונג האָט זי דערביי געהאַלטען אונטער איהר לינקער האַנד און איהר געהאָלפען. נאָכדעם האָט ער זיך געשווינד ארויפגעכאַפּט אויף זיין „רייטעריל" — דאָס פערדעל האָט זיך א דרעה געטאָן אין א ראָד, און ווי צוויי פיילען געציעלט אין איין אויגענבליק, זיינען דבורה און דער יונג אייזיק אוועק אין פעלד ארײַן.

## ד.

די מיידעלשע ווייטע און ברייטע לאַנד איז געלעגען אַ רוהיגע מיט איהרע בערג און טאָהלען און געאַטעמט די וואַרימע שטראַהלען, וועלכע די יונג־אויפשפּראָצענדע זון האָט געשפּרייט איבער איהר און אין איהרע טיעפענישען

עס איז קיין איין בוים, איבער באַרג און פלאַכע, נישטאָ.

ליגט זיך דער פויגעל אין די טיעפע גראָזען און זינגט זיין מאָרגענ־ליעד צו די בערג און די בערג, מיט זייערע ווייסע שאַרפע שטיינער אויף די שפּיצען, קוקען אוים ווי געטער אין פערלמוטערנע קרוינען.

אָפּגעזונגען פליהט דער פויגעל אַרוים פון טיעפען גראָז צו דעם צואַקערטען שטיק פעלד, און נידערט אַלע רגע אַרונטער און שטעלט זיך אוועק אָט אויף אַ האַרטען, ניט צוקלאָפּטען שטיק ערד, און אָט אויף אַ צומאָלענעם שטויביגען אָרט, קוקט זיך אַרום פון אַלע זייטען, געפינט אַ קערענדעל, פּיקט דאָס אויף מיט זיין שנאָבעל, קוקט זיך נאָכאַמאָל אום, און האַוי־פּף!

און פון יענער זייט צואַקערטען פעלד שטעהען אין לאַנגען קנויטשענ־דיגען שטח יונגע, מוטהיגע ברויטען, דונקעל־גרין זיינען זיי און שטרעקען זייערע שאַרפע שפּיצעלעך צו דער הויך, ווי זיי וואָלטען זיך ציהען צו כאַפּען אַ שטראַהל פון דער זון.

און מיט וועגען קרומע און מיט פעלדער אָנגעטויעטע שוועבען ביי־נאַנד דבורה און דער פעדר־יונג, אַזוי נאָהענט איינס ביי דאָס אַנדערע, אז עס זעהען זיך נאָר די צוויי קעפּ פון זייערע פעדרלאַך.

ער דערפיהלט איהר יונגעך פרישען אָטעם און עס פערשמעקען איהם איהרע ווייכע האָאָר.

זי כאַפּט זיך אָן מיט איהר רונדען דונקעלען הענטעל אין זיין מאַסיווען שטאַרקען אָרעם. פון זיין הויכער, שטאַרקער ברוסט געהען אויף און אָפּ אַזוינע פלאַמען, און זי אָטעמט זיי איין אין זיך. ער טוט אַ כאַפּ איהרע פינגערלעך צו זיין מויל און קושט זיי.

זי לאָזט אַרויס די לייצעס פון איהר לינקער האנד און וויקעלט זיך איין אַרום זיין האַלז

זייגען די פערדלאַך שטעהן געבליבען.

דבורה האָט זיך אוועקגעבויגען פון יונג און בעפעהלט:

— איך וויל גרייזאַלעך!

פלינק ווי אַ הירש איז דער יונג אַרונטער פון פערדעל.

אין אַ ווייל**ע** אַרום געבראַכט דבורה'ן אַ בונט מיט געלענקע, בלויע און פאָמס-רויטע בלימלעך

— איך וויל ווייסינקע אויך! — בייזערט זיך דבורה.

— עס איז קיין ווייסע נישטאָ, טייערע

— ווייסינקע ווייסינקע!

איז ער אוועק איבער'ן פעלד און געזוכט און גאָט געבעטען ער זאָל איהם צושיקען ליכט אין זיינע אויגען צו געפינען ווייסע קרייטעכער.

האָט גאָט אין הימעל געהערט זיין געבעט און האָט איהם צוגעשיקט ווייסינקע.

איז דער יונג געלאָפען און געריסען אַ בלימעל דאָ, אַ בלימעל דאָרט, און האָט געבראַכט דבורה'ן „ווייסינקע, ווייסינקע".

האָט דבורה ביי איהם אַ כאַפּ געטהאָן די ווייסע קווייטלאַך, אַ בריק געטהאָן איהר פערדעל און אוועק געלאָפען. און זיך צוריק געקעהרט און וויל אַרויפרייטען אויף דעם יונג'ס געביין.

נאָר זי טוט אַ שטאַרקען ציה „קייטי'ן" אויף צוריק און צולאַכט זיך:

— האָסט גאָר קיין מוראָ ניט פאַר מיין פערדעל?

— פאָהר אויף מיר אַרויף, אויב ווילסט...

דבורה האָט פאַנאַנדערגענומען דעם בוקעט פון די ווילדע קרייטעכער, און זיך גענומען ווארפען די בלימעלאַך איינציגווייז דעם יונג אין פנים אַריין, אין די אויגען אַריין. ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט און ניט געפינטעלט מיט די אויגען, און געקוקט אויף דבורה'ן. — נאָך יעדען וואָרף טוט זי אַ פלינק אַ פיהר מיט איהר קליין ווייס-ברוינע פינגערעל איבער דער ברייט פון איהר מויל און ברייננט אַרויס אַ דינעם, געדרעהטען קול...

דער יונג שטעהט און עס רייצט איהם. זיין „רייטעריל" כאַפּט אַלע

ווײלע א קניפּ פון דעם נאסען גלאנציגען גראז, צוקייט עס און קוקט מיט איין אויג צו דעם יונג.

„קיטי" וואלט אויך וועלען א קניפּ טהאן אין טיעפען גראז, קען זי ניט. יעדען מאל וואס זי פערמעסט זיך איינצובויגען איהר קאפּ, טוט דבורה א ציה די לייצעס. „קיטי" פערשטעהט ניט פארוואס זי טאר ניט.

דבורה זאגט:

— אייזיק, וועסט מיך לערנען ארומרינגלען פערד.

— הא, גוט. איך וועל דיך לערנען! — ענטפערט דער פערדיונג.

— די פערד זיינען איצט צושפּרייט, עס איז הייס. מיר וועלען זיך ביידע צוטהיילען. איך וועל אוועק אין מזרח און דו רייט אוועק אין צפון זייט. און זעהסט יענעם בארג מיט דעם ברייטען פלאכען קאפּ?

— איך זעה, איך זעה — הע! — ציהט דבורה אויס מיט א פריילאכען נגון.

— איך וועל צוזאמען ברייגגען א גאנצען ים מיט פערד אהין צו יענעם בארג. דארטען וועל איך זיך מיט זיי אפּשטעלען און וועל ווארטען ביז דו וועסט אנקומען מיט דיינע פערדלאך. און אפשר וועסטו ווארטען אויף מיר. —

— איך אויף דיר! ? — צולאכט זיך דבורה.

— מ'קען ניט וויסען, ווייל קיין בעזונדער תורה איז דאס ניט. — נעפינסט פערדלאך, טרייב זיי אויף און ברייגג זיי אהין אויפ'ן בארג. נור לאז פון זיך הערען.

— הו—א, הו—א! — מאכט דבורה א פּראבע ווי זי וועט איהם לאזען וויסען פון איהר קומען מיט די פערד.

אייזיק כאפּט זיך ארויף אין זאטעל אריין. מען לאזט זיך אוועק. ער אין איין זייט און זי אין א צווייטער. מען בייגט אויס די קעפּ, מען קוקט זיך אן. און אוועק!

דער יונג דערפיהלט זיך ווי אן אדלער. זיינע פיס ציהען זיך אן מיט זייערע ברייטע הארטע מוסקולען. ער זיצט ניט אין זאטעל, נאר ער שטעהט אין די טרעטערס; זיינע ברייטע גלייכע אקסלען וויעגען זיך אראפּ און ארויף פון איבער דעם „רייטעריל". מיט זיינע אויגען נעמט ער דורך די גאנצע לייגג און ברייט פון דעם אידען'ס פּריירי. ער איז ביי זיך פעסט, אז היינט וועט עס צוגעהן שנעל. ער וועט באלד

אַ סך פערדלאך געפינען און מיט זיי אוועק אויף יענעם בארג.

ווייסט אַט יענער בארג וואָס עס וועט היינט אויף איהם פאָרקומען ? !

שטעהן וועט ער מיט זיינע פערדלאך און קוקען פון בארג אין אַלע פיער ווינקלען פון דעם ראנדזש, ביז עס וועט זיך אָנהויבען צו מאָהלען פון ווייט א שווארצינקער פינטעלע. עס וועט פון פינטעלע ווערען א רייטער. דבורה וועט עס קומען צו איהם. און פון ווייטענס זיך לאָזען צו הערען מיט איהר „הו־א, הו־א!"

ווייסט דאָס אַט יענער בארג?

## ח.

דבורה איז אַרומגעפאָהרען אויף דער פּרערי און געוואָלט געפינען אַ סך פערדלאך אין איין קופּע און וועלכע זי זאָל קענען אַריינדרייטען מיט אימפּעט און זיי פערנעמען צו דעם בעשטימטען באַרג, וואו דער פערד־יונג וואַרט שוין אויף איהר.

אַלע מאָל האָט זיך איהר אונערפאַהרען אויג אָפּגענאַרט. פון אַ דונקעלען שטיין, פון אַ דאָרען אָדער פון אַ קליין בוימעלע אין אַ טאָהל, איז ביי איהר אַרויסגעקומען אַ פערד. זי פלעגט אַהין שנעל צופאָהרען, דערזעהן איהר טעות און זיך צולאַכען.

צומאָל האָט זי אָנגעטראָפען אַ פערד אָדער צוויי, און זיך ניט אָפּגעשטעלט — זי וויל אַ ים מיט פערדלאך.

זי וועט שוועבען מיט אַ סך פערדלאך, און אין דער פרייער, ברייטער פּרערי וועט אָפּקלינגען איהר „הו־א“, און זי וועט נאָך צולאָזען איהרע האָאָר און זיי וועלען פליהען ווי זיידענע טיכלאך אין דער לופט... זי וועט טאָן ווי זי וועט וועלען.

ביים אָנקעל אין הויז איז איהר גוט, אָבער עפּעס איז דאָרט איינג...

גאַנצענע טעג איז זי פערנומען מיט הויז־זאַכען און מיט אַנדערע קלייניגקייטען.

איינמאָל אַ וואָך נעמט מען זי מיט אין שטעדטעל אַריין.

אויך מיר אַ שטעדטיל! עס שטעהען עטליכע הייזער אין איין שורה און קענען איבער די הייזער די באַהן־סטאַנציאָן. נאָך דער סטאַנציאָן שטעהען דריי הויכע פיער־עקיגע שפּייכלער פאַר די ברויטען פון די אַרומיגע פעלדער. עס איז דאָ איין שפּייז קראָם, וואו מען בעקומט פון אַ ציבעלע ביז איין אַקער אייזען. און דאָרט שטעהט אַ הויכע דאַרע בלאָנדינקע און תמיד שמייכעלט זי צו דיר און לאַכט.

כאָטש דבורה האָט אַליין אויך ליעב צו לאַכען. — אָפט קלויבט זי אוים אַ צייט ווען איהר מוהמע שטעהט פערטאָן אין קיך און זי לויפט אַריין און לאָזט אַרויס אַ הויכען: הו—אַ—הו—אַ!

די מוהמע דערשרעקט זיך און שרייט אוים מיט א קוויטש:
„אוי, וועה איז מיר, גיט!"
און נאכדעם לאכען זיי ביידע שעה'ן נאכאנאנד.
און ערשט ווען די מענער קומען פון דער ארבייט, ווערט שטיל אין הויז.
שטיל, רוהיג און איינג.
דער פערדיונג פערצעהלט נאר פון פערד:
„האט זיך א צוויי־יאהריגער בראנקא צוואווילדעוועט אין דער „קארעלל" און האט געוואלט אריבערשפרינגען דעם הויכען פלויט און איז געבליבען שטעקען מיט זיינע פאדערשטע פיס אין זוים פון פלויט. האט ער, דער פערדיונג, מיט א הויכען פלאקען איהם ארויסגעהויבען פון דארט איינער אליין..." גיט דער אנקעל דערביי א קורצען ניט־פער־שטענדליכען ברום און זיי צושמייכלען זיך ביידע.
איין אנדערשמאל, דערצעהלט דער פערדיונג, ווי ער האט רייטענדיג אין פעלד דעם פריהמארגען, געפונען די אדער יענע קליאטשע מיט דעם לאנגעבינען נארישען קאפ מיט א קליינטשיגען רויטען לאשעקעל. דאס לאשעקעל האט געהאט א ווייסען פאסיקעל אויף זיין פנים'ל, און ווי די קליאטשע האט זיך אוועקגעשמעלט מיט איהר גרויסען לאנגען קאפ, ווען זי האט דערזעהן דעם פערדיונג צוקומען נאהענט, איבער'ן לייטער, און געבריקעט מיט איהרע הינטערשטע פיס.
— א גוטע מוטער, אט די יעטטי, — האט דער אנקעל פיעל־בעדייטענד אנגעמערקט, — יעטטי איז א גוטע מוטער!
א גוטע מוטער — טראכט זיך דבורה — „קיטי", האסטו אויך גע־האט א גוטע מוטער?....
דבורה בעקומט פלוצים ליעבע צו איהר „קיטי'ן", וועלכע טראגט זי איבער איהר אנקעל'ס פעלדער.
און זי טוט איהר א דוצקע מיט איהרע קליינטשיגע פיסעלעך אין די זייטען אריין. און „קיטי" צויאגט זיך שנעלער, און איהרע דינינקע פיסעלעך צייכענען אויס איבער די גראזען ווילד־געדרעהטע בילדער.
דבורה האט דערזעהען א קאפ פון א פערד מיט אנגעשטעלטע צוויי אויערען. זי האט פערדרעהט „קיטי'ן" אין יענער ריכטונג און — אט איז עם!

זי איז צוגעריטען אין טהאָל.

צווישען א ברייטען פלאַכען פעלד און א הויכען משופעדיגען און לאַנגען באַרג, זיינען טאַקע געוועזען א סך פערד. זיי האָבען אָנגעשטעלט זייערע קלוגע אויגען צו דבורה'ן און זיך אָלע געטאָן א לאָז צו איהר.

דבורה איז פערשעמט געוואָרען ווי א זינגערקע, ווען זי קומט ארויס צום ערשטען מאָל פאַר א גרויסען עולם.

„קיטי" איז געבליבען שטעהן.

אלע פערדלאַך האָבען זיך צוזאַמענגענומען אין א קרייז און גענומען שמעקען צו „קיטי'ן". אייניגע האָבען געפרובט א שנאָרך טהאָן צו דבורה'ס פיס, און באַלד אוועקגעכאַפט די קעפּ און זיך פערדרעהט אין א זייט און צוריקגעקומען און ווייטער געקוקט אויף דעם „נייעם" רייטער.

דבורה איז אזוי פערכאַפּט געוואָרען, אז זי האָט פערגעסען אין דעם צוועק פון איהר קומען אהער. און זי האָט אַפּגעלאָזט די לייצעס פריי. און אָנגעהויבען שמעקען איהרע קליינע ברוינע הענד דאָס צו איין און דאָס צו איין אנדער פערדעל. און זי האָט צו זיי אָנגעהויבען ריידען און מאַכען חנ'דלאַך. און מיט אַמאָל האָט זי נאָר א מאַך געטהאָן מיט איהרע הענטלאַך און אויסגעשריען:

— „באָ—אָה—אָה!!" —

דער קרייז פערד איז זיך פון איהר האַסטיג צולאָפען, ווי איבערגע־שראָקענע פויגעלעך, און זיי זיינען אוועק פון איהר מיט א שווערען, טומעלדיגען גאַלאָפּ.

און „קיטי", פיהלענדיג זיך פריי אָהן לייצעס, האָט זיך אויך דער־שראָקען און געטאָן א הויכען שפּרונג מיטביידע הינטערשטע פיס, ארונטערגעוואָרפען דבורה'ן איבער איהר קאָפּ, און איז אוועק איבער דעם פעלד נאָך די איבעריגע פערד, און געשלעפּט הינטער זיך, אויף א קליינעם שטח, די בלאַס־צושראָקענע דבורה.

דבורה איז געבליבען ליגען מיט אויסגעצויגענע הענד, אין דעם טיעפען, ווייכען גראָז.

„קיטי" איז אוועק. וואָס מעהרער די זאָטעל־טרעטערס האָבען איהר נעקלאַפּט אין די זייטען אריין, אלץ שנעלער איז זי אנטלאָפען, אליין ניט וויסענדיג וואוהין. די לייצעס האָבען זיך געשלעפּט פאַר איהרע פאָדער־

שטע פּים. האָט זי איהר קאָפּ אינסטינקטיוו באַלד אין דער הויך אויפ־געהויבען.

די איבעריגע פערד האָבען געקוקט צו „קיטי'ן", און דער קלאַנג פון די זאָטעל־טרעטערס, און דאָס זאָטעל אָהן א רייטער האָט זיי נאָך מעהר געשראָקען און איננאַנצען די פּרערי ווילדקייט האָט זיך אין זיי אויפ־געכאַפּט, און א ווייסער שוים האָט זיך בעוויזען אין זייערע מיילער און אויף זייערע גלאַנציגע קערפּערס.

זיי האָבען זיך געטראָגען אין א פאָרמע פון א מחנה ווילדע גענז, ווען זיי פליהען איבער פון איין אָרט אין א צווייטען: — אָט זיך צוזאמענגעצויגען אין א געדיכטען רינג און אָט זיך צושפּרייט.

„קיטי" האָט זיך דערמאָנט אין דער מילך, וואָס איהר מוטער האָט איהר זויגען געגעבען אויף די דאָזיגע פעלדער. און אלע וועגלאך און שטעגלאך זיינען נאָך ניט פערווישט געוואָרען פון דעם אידענס פּרערי. און זי האָט געיאָכצעט מיט פרייד און איז געשפּרונגען אויף פּאַראוים און זיך צומאָל א דרעה געטהאָן מיט איהר פּנים קעגען די פערדלאך און געטאָן א טאַנץ אזש די זאָטעל־טרעטערס זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין דער לופטען.

זיינען זיי אזוי געלאָפען, ביז זיי זיינען געקומען צום טייכעל. זיינען אהין אריין, און אלע מיט אמאָל ווי איינער, געבליבען שטעהן אין א טיעפען אָרט. דאָס קאַלטע וואַסער האָט אָבגעקיהלט זייערע הייסע קער־פּערס און זיי האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערען. און פון איינעם צום אַנדערען געגאַנגען און נאָכגעשמעקט. און אז מען איז צוגעקומען צו „קיטי'ן", האָט זי זיך טרויעריג מיט די אויגען געבעטען, און יענע האָבען געשמעקט צו דעם זאָטעל און עס געפּרובט בייסען.

באַלד אָבער האָט איינער פון די פערד מיט זיין עק א פּאַטש געטאָן אין וואַסער אריין. עס האָט א הויפען מיט דריבנענקע טראָפּענדלעך וואַסער זיך צושאָטען איבער אלע פערד און זיי האָבען זיך ווידער דער־שראָקען, זיך א לאָז געטאָן פון טייכעל און אוועק מיט די פעלדער, זיי זיינען געלאָפען איבער טאָהל און בארג און געקומען צום ברעג פון דראָטענעם פּלויט און צוריק מיט אימפּעט זיך אוועקגעלאָזען איבער די פעלדער מיט לאַנג אויסגעצויגענע העלזער און אויסגעשטרעקטע עקען.

גוט האָבען זיך געפיהלט די פערד ביי הערר גאָלדענבארגען אויפ'ן ראנדזש.

דורך זיין מיה פלעגען די יונגע געבוירען ווערען אין משך, פון אָנפאנג ביז אין מיט-זומער, דעמאָלט ווען די „מאמעס" מיט די „קינדער" קאָנען ארומלויפען אויף דער פרערדי און געניסען פון די שעהנסטע גראָזען, און ניט וויסען פון קיין זאָרג.

און צו ווינטער אנטוויינט גאָלדענבארג די דאָזיגע „קינדער" פון זייערע „מוטערס" און נעמט זיי אריין אויף איבער-ווינטער אין א גרויסען שטאהל, וואו ער האָט פאר זיי אָנגעגרייט גוטע, פרישע „טהימאָטי"-היי.. און טאָג איין טאָג אויס קומט ער צו זיי, אין רעגען און שנעע, כדי אליין מיט זיינע הענד, איטליכען א טעפעל האָבער איינצוטהיילען.

די קליינוואַרג שטעהען דאָן ביי די לאנגע פיערעקיגע קאסטענס, וואָס ארום די וואנד פון שטאהל, און הערען זיך איין אין דער ווינטערדיגער שטומער לופט צו קומט ניט זייער שפייזער.

און אז גאָלדענבארג צועפענט די שווערע טירען פון שטאהל, און א בוואליע ווייסע לופט רייסט זיך אריין אין האלב-דונקעלען שטאהל, טוען אלע מיט אמאָל זיך א לאָז צו איהם.

און איינטהיילענדיג זיי דעם טעפעל האָבער, גלעט ער יעדען פון זיי. דעם ביים האלז, איין אנדערען איבער'ן פנים'על, און האָט זיי תמיד עפעס גוטעס און מונטערעס צו זאָגען, כאָטש איהם דאכט זיך אליין, אז די „קינדער" וואקסען ניט.

ערשט ווען עס קומט דער פריהלינג און ער לאָזט זיי ארויס אויף דער פרערדי צו „איינענע קעסט" (ווי ער פלעגט דאָס אליין אָנרופען), ערשט דאָן דערזעהט ער אז זיי זיינען אויסגעוואקסען.

אין דעם קומענדען ווינטער לאָזט ער די קליינע, גלייך מיט די גרויסע, אויף דער נאקעטער פרערדי.

מיט'ן אָנקומען פון ווינטער, נעהמט ביי די פערד וואקסען אזא לאנגע האָאר, צו בעשיצען זייערע ביינער פון קעלט. און צום זומער בייטען זיי איבער די לאנגע האָאר אויף א דינעם, סאמעט-גלאַטען פעל. און אויך אין דעם העלפט זיי הערר גאָלדענבארג. — אין די פריהלינג-טעג שפרייט ער פאר זיי יעדען טאָג אויס ניט געדראָשענעם האָבער

צווישען די בערגלאך אין טאָהל, וואָס איז פון ווינטען געשיצט, ווייל קאלט און ווינטיג זיינען די פריהלינגען אין דער וייטער וועסט, קייען די פערד דעם ניט געדראָשענעם האָבער, טרייבט דאָס כח אין זייערע ביינער, און זיי ווערען גלאטער און שעהנער.

גוט איז די פערד ביי הערר גאָלדענבארג.

### ו.

בייט אידען, הערר גאָלדענבארג, אין הויז ווייסט מען נאָך פון גאָרניט.

עס איז געוועזען דער צאָהל־טאָג און א גאַנצען אין דער פריה און פארמיטאג זיינען אָנגעפאָהרען די גרינע גרויסע און לאַנגע וועגענער, מיט די קיילעכיגע אויסגעפוצטע קליינע פערדלאך, און זיך אויסגעשטעלטביים לאַנגען, שטאַרקען באַלקען, וועלכען דער איד האָט אויפגעבויט צוליעב דעם, אז די פארמערס זאָלען אין צאָהל־טאָג קענען צובינדען זייערע פערדלאך

איינציגע זיינען שוין געוועזען אין הויז און זיך צורעכענט און בעצאָהלט דעם אידען פאר זיינע גוטע קליינע פערדלאך, און דערביי געהאַלטען אין איין לויבען זיך אליין, ווי גוט זיי קענען צוימען א יונגע בראָנקאָ, און עס איז טאַקע דעם הערר גאָלדענבארג'ס גוטע, בלוטיגע פערדלאך.

א טהייל זיינען געשטאַנען אין דרויסען ביי א וואָגען אין א קרייז און געשמועסט, און ווען עמיצער א נייער איז צוגעקומען, האָט מען איהם „געשעקט הענד", און מיט א מאָדנעם פרייליכען געפיהל און אלע מיט אמאָל האָבען תמיד אויסגעשריען צו דעם נייעם צוגעקומענעם:

— „שטעק" הענד !...

מען איז אָפגעפאָהרען און מען איז אָנגעקומען.

אלע מיט א גרינעם לאַנגען וואָגען, פון פאָרענט מיט א הויכען זיטץ אויף שפרוזשינעס און א לאַנגען שוואַרצען בייטש.

און קינדערלאך האָבען די פארמערס אָנגעבראַכט, וועלכע זיינען געזעסען אין די טיעפע גרינע וועגענער און אַרויסגעפיפצט מיט די שטרויענע קאפעלושלאך, מיט רויטע סטענגעס, אויף דעם הערר גאָלדענבארג'ס גרויסען גוט. צומאָל האָט א פאָטער געגעבען צו זיין קינד א „בעלייכטונג" איבער דעם אלעמען וואָס הייסט גאָלדענבארג'ס גוט.

האָט מען די קינדערלאך ביי די וועגען געלאָזען, און אליין איז מען

אריין דורכ'ן אָפענעם טיר פון קיך אין הויז אריין, די היטלען אַ וואָרף געטאָן אין אַ ווינקעל און געזאָגט פריילאך און גוטמוטהיג:

— גוטערמאָרגען, פרוי גאָלדענבארג!

פרוי גאָלדענבארג, אַ קרעפטיגע מיטליאָהריגע רונדע אידענע, מיט פערפלאַמטע, צוויק־רויטע באקען, פון אַ מיטעלען וואוקס, מיט אַ הויכער ברוסט און רונדע, דיקלאכע הענד, איז געשטאנען ביי דער קיך־ארבייט. איהרע הענד זיינען ביי דער ארבייט געוועזען אָפּגעדעקט, און האָבען פון אקסעל ארונטער צו די פלאמען, זיך גערונדעלט אַלע דינער און שמאָלער. און איהרע גאָר קליינע פינגערלאך האָבען ניט הארמאָנירט מיט איהר גאנצען אויסזעהן. זי האָט פערמאגט מאַט־שווארצע אויגען און אַ ים מיט האָאָר אויף איהר שעהנעם קאָפּ. די האָאָר זיינען געוועזען דורכגעשפּרינקעלט מיט גרויליכע פעדעמלאך און פארקעמט אין אַ שווערען קיילעכיגען קוגעל אויף הינטען.

זי איז געשטאנען ביים ווייסען הילצערנעם קיכענטיש, געטאָן איהר ארבייט, געטראכט פאר וואָס זי האָט דבורה'ן היינט, אין צאָהל־טאָג, געלאָזען ארויסרייטען...

און ווען עמיץ איז אריין און געזאָגט „גוט־מאָרגען, פרוי גאָלדענבארג“, האָט זי לייכט אַ דרעה געטאָן מיט איהר שטאָלצען קאָפּ, און מיט אַ פאָרנעמליכען שמייכעל געזאָגט:

„גוטען מאָרגען, גוטען מאָרגען!“ — תמיד איבערחזרענדיג איהר גוטענמאָרגען און פלעגט נאָך צומערקען:

איינעם:

— צוליעב אייך, הערר, איז היינט אזא שעהנער טאָג.

איין אנדערען:

— בין היינט גרינעם ארבעס געגאנגען אָנקלייבען, האָט גאָט געגעבען אַ שעהנעם טאָג.

אינוויינינ, אין דער גרויסער שטוב, וואָס האָט אויך געדיענט פאר איין עסצימער, זיינען אַלע געזעסען און גערויכערט און גערעדט.

הערר גאָלדענבארג איז געוועזען פערנומען אין זיין שרייבצימער, פון וועלכען עס איז געוועזען איין אָפענער טיר אין גרויסען צימער אריין. און ער איז ביים טישעל געזעסען קעגענאיבער דער צועפענטער טיר אזוי, אז ער האָט געקענט ריידען מיט אַלע אין דער גרויסער שטוב און עס זאָל

הייסען אז ער זיצט צווישען זיי. כאָטש יעדער בעזונדער פלעגט זיך אויפהויבען שווער און אריין געהן צו איהם, ווי אין א בעזונדערן חדר׳ל, און מיט איהם, ווי אויג אויף אויג, זיך צו־צאָהלען.

און אז אלע האָבען זיך צורעכענט, האָט זיי הערר גאָלדענבארג איינגעלאדען צו בלייבען אויף מיטאג. אויף פרוי גאָלדענבארג׳ס אָנבייסען האָט מען זיך ניט געלאָזען קיין סך בעטען. מען האָט זיך איינגעוואשען די הענד און פנים׳ער, פארקאמט די האָאר פון קאָפּ, און פרוי גאָלדענבארג האָט זיי ארומבעזעצט דעם לאנגען, פיער־עקיגען טיש, עלטער נאָך עלטער. און הערר עלקינס, א נאָרוועג, וואָס איז געוועזען דער ערשטער נאָהענטער שכן, האָט געהאט דעם חלק צו זיצען אין דער לינקער זייט פון הערר גאָלדענבארג. אין דער רעכטער האנד איז געוועזען דער פרוי גאָלדענבארג׳ס אָרט, נאָך א ליידיגע. זי האָט מיט א פער־פלאמטען פנים אָנגעהויבען צו טראָגען צום טיש פון אלעם וואָס זי האָט אָנגעקאָכט און אָנגעבאקען.

און אזוי ווי דער טיש איז געוועזען באזעצט ארום און ארום, האָט מען אין דבורה׳ן מיט דעם פערדיונג פערגעסען.

---

נאָכ׳ן עסען איז דער בעל הבית פון הויז דער ערשטער אויפגעשטאנען פון טיש. נאָך איהם — די אלע געסט, און אלע האָבען זיך מיט א גערודער צוזעצט ביי דער וואנט אויף ביינקלאך. גאָלדענבארג האָט אָנגעפילט זיין פּופּקע און פעררויכערט, ארויסלאָזענדיג געדרעהטע וואָלקען רויך. די געסט האָבען געטאָן דאָס אייגענע, און די גרויסע שטוב האָט זיך גענומען אָנפילען מיט רויך.

פרוי גאָלדענבארג האָט פערנומען פון טיש די געשיר און פערמאכט די טיר, טראכטענדיג:

— שוין! די מענער האָבען זיך צורויכערט.

ביי די מענער האָט זיך שנעל פערבונדען א שמועס. מען האָט גערעדט וועגען די פרייזען פון ברויטעץ אמאָל און היינט. מען האָט גערעדט וועגען פעלדער און אויך פון איינינגע לאָקאלע אנגעלעגענהייטען.

— האָט איהר געזעהן מיין אלפאלפא? — פרעגט הערר גאָלדענ־בארג, — א טייערע גראָז איז עס... איינמאָל פערזעעט און עס וואקסט אליין פון זיך צוואנציג יאָהר.

— וואו, דאָרטען אויף דער פלאַכע אין דרום זייט פון „קאַרעלל“?
— פרעגט איינער פון די געסט.

— האַ, האַ, — שאָקעלט הערר גאָלדענבאַרג מיט זיין קאָפּ, — עס איז מיר אָנגעקומען זעהר שווער. אָבער איצט האָב איך עס. דאָס גראָז איז צוואַנציג מאָל בעסער פון אַלע אַנדערע גראָזען.

— צוואַנציג יאָהר וואַקסט עס פון איינמאָל פערזעען?!

— יעס, סירר! איך האָב עס עטליכע מאָל געפּרובט אויף אַנדערע פּלעצער און עס האָט ניט אָנגענומען. איצט אָבער האָב איך געפונען א גוט שטיק ערד פאַר מיין אַלפאַלפאַ.

— איז עס גוט פאַר פערד?

— א פראַגע? איך דיינק נאָר פאַר מיינע יונגע יאָהריגע פערדלאַך וועל איך געבען אַלפאַלפאַ, זיי זאָלען וואַקסען בעסער.

מען איז געזעסען און געלאָזען דיקע וואָלקען רויך און מיט הכנעה זיך איינגעהערט אין דעם אידענ'ס רייד, ניט ווייל זיי זיינען איהם שולדיג געווען, נאָר ווייל עס איז געווען א נייע תורה פאַר זיי: „גראָז וואָס וואַקסט צוואַנציג יאָהר פון איינמאָל פאַרזייען“.

עס זיינען דאָ געווען קינדער פון פעלקער, וועלכע האָבען געהאַט דעם זכות צו האָבען אייגענע לענדער און ערדען. די ערד האָבען זיי ליעב פון דור דורות. און זיי הערען זיך איצט איין צו די רייד פון הערר גאָלדענבאַרג, וועלכער איז פון ערגעץ געקומען צולויפען, וואו ער האָט קיין ערד ניט געהאַט און אפילו ניט גע'חלום'ט צו האָבען; זיי הערען איהם אויס און בעוואונדערען איהם.

נאָר איינער איז דאָ געווען — הערר עלקינס — דער נאָהענטסטער שכן, וואָס האָט ניט געוואָלט זיך איינהערען אין גאָלדענבאַרג'ס רייד.

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון פּלאַץ, עפּעס אָפּגעמורמעלט איין ענטשולדיגונג, און איז אַוועק אַהיים. ער איז אַהיים געגאַנגען צו־פוס. דאָס איז ביי איהם געווען א געוואָהנהייט. און געהענדיג, האָט ער פיעל געטראַכט וועגען גאָלדענבאַרג'ען, דעם אידען, מיט זיין אַלפאַלפאַ.

און עס איז אויפגעשוואומען ביי איהם אין הארץ א מאָדנער געפיהל צו זיין אידישען שכן און צו זיין איינגעפונדעוועטער היים. עלקינס האָט אויך געהאַט א גוטע היים. ער איז געקומען אין דער ווייטער וועסט פריהער פאַר גאָלדענבאַרג'ען. עס איז אָבער געווען ניט דאָס... נאָך

מעהרער, ער עלקינס, האָט זיינע אייגענע צוויי זיהן, און אז מען דאַרף נויטיג א צוואַק, מוז מען ארומזוכען אין אַלע קאַמערען און מען געפינט גיט. מען ווייסט אז עס איז ערגעץ דאָ צוועקעס, אָבער מען קען זיי ניט געפינען.

— און ביי דעם אידען גאָלדענבארג שיינט אלעס. און א יעדער זאַך האָט איהר פּלאַץ, — טראַכט עלקינס מיט פערדרוס.

א פּאָר יאָהר נאָך הערר עלקינ'ס בעזועצען זיך דאָ אין דאַקאָטאַ, איז זיין גוטע, פרומע ווייב ביי איהם אוועקגעשטאָרבען, און ער איז געבליבען מיט זיינע צוויי בחורים: דער עלטערער הענריק, איז פון דעמאָלט פער־בליבען דער הויז־מענש, דער קיך־מענש; דער צווייטער, יאָהאַן — א פרייער פויגעל — ניט אין הויז און ניט אין פעלד. תמיד לויפט ער ארום אויפ'ן פערדעל און דער טייוועל ווייסט איהם, וואו ער גיט אוועק זיינע טעג....

דער אלטער עלקינס גיט זיך שטענדיג אָפּ מיט זיין פעלד־ארבייט, און ער ווייסט, אז אהיים קומענדיג, וועט ער שוין געפינען פארטיג זיין מאָהלצייט. הענריק איז א גוט קינד.... ער קאָכט פאר איהם אָן א סך בולבעס מיט חזיר שמאַלץ, און יאָהאַן העלפט איהם בלויז ווען ניט ווען אין פעלד. צו די חזרים אין שטאַהל לאָזט דער אלטער עלקינס יאָהאַנען ניט צו, ווייל ער בריקעט זיי אין בויך אריין. און אז אָך און וועה איז צו דער ארבייט וואָס יאָהאַן טוט שוין אמאָל אין פעלד! ס'פערדעל מוז שטענדיג שטעהן אָנגעגרייט מיט דעם זאָטעל און ווארטען אויף איהם ביים וועג. דאָס קאָפּעלושעל טראָגט ער אויף א זייט און תמיד טוט ער זיין ארבייט אין העניטשקעס.

דער אלטער עלקינס קאָן ניט צוקוקען אַזאַ ארבייט.

נאָך פון זיין אלטער היימאַט איז ער געוואָהנט ארויסצובעקומען דאָס שטיקעל ברויט מיט די הוילע פערשטיינערטע הענד. און דאָ, אויף די ברייטע און ווייטע פּרעררים קען ער זיך ניט צוגעוואָהנען צו אנדערע וועגען.

ער, עלקינס, האסט מאשינען... ער געהט וואָס מעהרער צו־פוס, אפילו נאָכ'ן אקער־אייזען, וואָס איז געמאכט געוואָרען צו פאָהרען מיט איהם.

און אין פריהלינג — יאָהאַן בעשליסט זיך אויסצוהעלפען זיין

פּאָטער. ער שפּאַנט איין זייערע פיער פערציראַנער פערד אין דעם בערעדעלטען אַקער, וועלכער שניידט דריי פּאַכען מיט איין גאַנג, און ער לאָזט געהן די פערד געלאַסען און גלייך מיט דער גאַנצער לייננ פון פעלד. ער זיצט זיך אויפ׳ן זיטץ, און שטיל און רוהיג קוקט צום פאָרענט, אז דער דישעל זאָל זיין אין א גלייכע ליניע מיט דעם מיטעלסטען פּאַך פון דער נאָר וואָס איבערגעקעהרטער ערד. שטעלט זיך ביים זוים פון פעלד דער אַלטער עלקינס און בעקוקט זיין יאָהאַנען, וואָס זיצט זיך מיט דעם ברייט־ברימיגען ווייסען קאַפּעלוש, און אין הארץ ביי איהם פּלאַ־קערט אויף א פערדרוס צו דעם טייוועל, וואָס האָט די מאַשינען אויס־געטראַכט.

ער האַסט זיי, די מאַשינען... און הערר גאָלדענבאַרג האָט זיי ליעב...

יאָהאַן האָט אויך ליעב מאַשינען. ווי ער זיצט זיך אויף דעם אַקער, דאָס דייצט ער זיך מיט מיר, דער טייוועל!

אזוי טראַכטענדיג, איז זיך דער אַלטער עלקינס אָנגעקומען ביז צום זוים פון זיין פעלד, איבער וועלכען זיין זוהן, יאָהאַן, האָט טאַקע גראָד איצט מיט׳ן אַקער געשניטען לאַנגע שווארצע פּאַסען. אָט איז א מעסער פון אַקער אָפּגעשפּרונגען פון דער ערד. יאָהאַן קימערט זיך ניט. ארויס־געשטויסען, און פערפּאַלען... לויפט ער, דער אַלטער, אַנטקעגען. זיין הארץ זידט מיט האַס, און ער צושרייט זיך אויף יאָהאַנען:

„זיצט זיך ווי א קיסר אויף זיין טהראָן!...“

און ער כאַפּט ארויס פון יאָהאַנען די לייצעס. זיין זוהן שפּרינגט אַרונטער פון אַקער־זיטץ. דער אַלטער עלקינס פערגינט זיך ניט צו זיצען, נאָר ער נעמט טרייבען די פערד מיט האַסט און שפּרייזט פון הינטער דעם אַקער.

און די פערד ווייסען ניט וואָס פריהער צו טאָן: צו זאָלען זיי געהן פאָרווערטס, צו זאָלען זיי דאָ א דרעה טאָן אויף צוריק.

יאָהאַן בעמערקט עס און טוט א שמייכעל:

— דער אַלטער שטופּט דעם אַקער מיט זיין ברוסט!...

און ער רופט זיין אָנגעזאָטעלטען פערדעל צו זיך. דאָס פערדעל קומט צולויפען. ער כאַפּט זיך ארויף אין זאָטעל אריין און פליהט אוועק מיט א סקאָסנער ליניע צום וועג, און א זייל פון שטויב בלייבט הינטער איהם.

דער אַלטער האָט געענדיגט דעם וועג, ארונטער געגאַנגען נאָך אמאָל

צוויי און צוריק געקומען צום ברעג, וואו דער וואָגען איז געשטאַנען. ער האָט א קוק געטאָן צו דער זון.

— שוין צייט!

ער הויבט ארוים די אַקער־מעסערס פון דער ערד זעהר הויך, און פאָהרט צו ביז דעם וואָגען, וואָס שטעהט אין א זייט פון פעלד, נעמט ארונטער די צוימען פון די פערד, אוןביים אויפבינדען פון די לייצעס שילט ער זיין זוהן יאָהאַן, וועלכער מאכט זיינע איינענע קניפּען...

נאכדעם בלייבט דער אַלטער שטעהן א ווײַלע, קוקט מיט זיינע פערגאָסענע גרויע אויגלעך אויף דעם דריי־פאַכיגען אַקער, וועלכער איז אויסגעגאָסען פון שטאָהל. איהם קומט ארויף אויפ'ן געדאַנק דער אַקער ביי זיין פאָטער אין דער אַלטער היים. געמאַכט איז ער געוועזען פון האָלץ און נור א שטיקעלע אייזען ביים שפּיץ פון מעסער. עס איז געוועזען לייכט אי פאַר דער בהמה אי פאַר'ן מענשען. היינט האָבען די טייוואָלים אויסגעטראַכט א מאַשין, וועלכע פיער פערד שלעפּען שווערליך, און דו זיצט זיך אויפ'ן זיטץ ווי א קיסר...

און זיין זוהנדעל, יאָהאַן, רעדט איהם נאָך צו, אז ער זאָל קויפען א גאַזאָלין מאַשין מיט צעהן אַקער־מעסערס. ניין, דאָס פועלט ער ביי איהם נימ. דאַן וועלען אי דער מענש אי די בהמה ניט האָבען וואָס צו טאָן... דער טייוועל וועט שוין פאַרזאָרגען אַלעס... אָבער גענוג. היינט האָט ער דעם אידען אָפּגעצאָהלט די לעצטע שולדען; מעהר וויל ער מיט איהם ניט האָבען צו טהאָן. נא דיר נאָך א נייע זאַך — אַלפאַלפאַ! ניין. גענוג מיט די טייוועלשע אויסטראַכטונגען!

ווער ווייסט, וואו מען וועט אונז נאָך אוועקשלעפּען....

צוערשט, ווען דער איד גאָלדענבאָרג איז ארונטערגעקומען אין דער ווייטער וועסט, פלעגט ער איהם זעהר אַכטען. איהם העלפען מיט ראַטה און טהאַט. דער איד האָט איהם צוריק אָבגעדיענט. מען איז געוועזען שכנים, און ער איז א געזונטער ארבייטער, דער דאָזיגער איד... אָט זיינען דאָרט זיינע פעלדער מיט ברויטען און פערזייטע גראָזען — דער איד איז א ווירטה!

אָבער פאָרט ארונטער פון וועג — האָט שוין פלעה אין דער נאָז — „אַלפאַלפאַ“!...

און מאַכט די יונגע שנעקעס אונזערע פאַר טויגעניכטסען....

ז.

יאָהאן עלקינס פלעגט אמאָל, אין א שבת, הערר גאָלדענבארג׳ס רוהע־טאָג, קומען צו־רייטען, איבערלאָזען זיין פערדעל פאר׳ן הויז, און אָפּזיצען מיט דעם אידען לאַנג.

ער פלעגט זיך דאָרט גוט אָנלעזען אין די זשורנאלען און צייטונגען, וועלכע דער איד פלעגט האָבען פון פערשיעדענע ערטער.

נאכדען אהיים קומען און תמיד עפּעס נייעס ברענגען זיין פאָטער.

— פוילענצער, ווי דו, האָבען גיט וואָס צו טאָן און טראכטען אויס נייעקייטען... — פלעגט דער אלטער עלקינס אויסהערען און זיך בייזערען.

אָדער ער פלעגט אזוי זאָגען צו יאָהאַנען:

— האָסט זיך שוין ווייטער מיט עפּעס אָנגעשמעקט ביים אידען...

און דאָס וואָרט „אידען" האָט ער געזאָגט מיט אזא טאָן, אז עס האָט געהייסען: מיין פאָטער האָט דעם אידען גיט ליעב געהאט, און איך האָב איהם גיט ליעב, און דו דארפסט איהם גיט ליעב האָבען...

יאָהאן פלעגט אָבער, טראָמץ זיין פאָטער, ניט נור לעזען די זשורנאַלען, גאָר אויך שמועסען און פערברייגגען ביי הערר גאָלדענבארג׳ען אין הויז.

דער לעצטער האָט איהם כמעט ליעב געהאט, דעם קלוגען יאָהאַנ׳ען מיט זיינע בלויע אויגען.

און ווען הערר גאָלדענבארג האָט דאָס ערשטע מאָל זיך איינגעקויפט א שנייד מאשין מיט א בינדער־קאָמבינאציאָן, האָט ער יאָהאַנען ארויס־געפיהרט און איהם געוויזען די מאשין און איהם געגעבען צו פערשטעהן ווי די וואלצען קייקלען אריין די שטרויעלעך, און ווי אינווייניג איז דאָ צוויי שטאָהלענע הענד וואָס כאפּען ארום די שטרויעלעך און מאכען פון זיי א בינטעל, און ווי דאן קומט ארויס פון א פלאץ די נאָדעל מיט׳ן שטריקעלע און פארבינדט עס פונקט אין דער מיט, און ווי אזוי נאכדעם כאַלט ארויס א שמארקער סנאָפּ צו דער ערד.

יאָהאן פלעגט צופּעגען זיין מויל און שלינגען גאָלדענבארג׳ס ווער־

טער, און איהם נאָך מעהר ליעב בעקומען. און זיך פערשילטען פאר וואָס גאָט האָט איהם ניט ארונטערגעשיקט פאר א זוהן צו אזא מאן ווי הערר גאָלדענבארג.

— מיט אייך וואָלט איך אויסגעקומען... — פלעגט יאָהאן שמייכלען צו גאָלדענבארג'ען. — וואָס ביי מיין פאָטער געהט אוועק און עס ווערט צורינען, וואָלט איין אנדערער דערפון רייך געוואָרען.

— עך, עך, ווען איך האָב, ברודערעל, א זוהן!....

און ווען דבורה איז ארונטערגעבראכט געוואָרען, פלעגט יאָהאן קומען צורייטען אָפטער.

און צוליעב דבורה'ן און צוליעב זיין ריטערליכקייט, פלעגט ער אָפט א העלף טאָן גאָלדענבארג'ען. און פרוי גאָלדענבארג האָט נאָך ביי יאָהאנען געהאט גרויסע פריווילעגיען.

און ער האָט זיך געשעצט הימעל־הויך, אז אין זיין אנוועזענהייט פלעגט דבורה וועלען נעמען די עמער און געהן צום ברונעם נאָך וואסער. ער פלעגט דאן זיך א כאפ טאָן און ארייגברענגען צוויי פולע עמערס מיט וואסער, מיט א הייליגער תמומות אויף זיין פנים.

און יאָהאן האָט געליובט גאָט, וואָס ער האָט זיך דערלעבט א זכות אז דבורה זאָל צו איהם א וואָרט אויסריידען. זי פלעגט איהם גרויס־שטעדטיש דאנקען פאר'ן גאנג.

און זי פלעגט אמאָל דערצעהלען פון שטאָדט־זאכען, אפילו ניט דירעקט איהם אליין, נאָר אויך צו פרוי גאָלדענבארג, ער אָבער פלעגט דערביי הערען ווי דבורה רעדט פון שטאָדט. און דבורה האָט געהאט א סך זאכען פון שטאָדט צו דערצעהלען, און ער פלעגט הערען און טרוימען צו זיין אמאָל אין דער דאָזיגער גרויסער שטאָדט:

אין דער גרויסער שטאָדט טרעפט אז פ י ע ר מיידלאָך שפּאַצירען מיט א י י ן בחור....

דערווייל איז נעוועזען אין דבורה'ס ביינער אזוי פיעל פון גרויסען שטאָדט, אז דער ריטערליכער יאָהאן וואָלט פון איהרען א וואונק צו דער זונן און הימעל ארויפגעריטען....

## ח.

צוריק מיט צוואנציג יאהר איז הערר גאלדענבארג א יונגער און מיט לייטיגע הענד געקומען אין דער וויטער וועסט.

זיין יונגע ווייבעל, רחל, האט ער געלאזען אין דער גרויסער שטאדט.

זי האט איהם אנגעזאגט ער זאל זיך „נעמען צייט“, און ווען ער וועט שרייבען, אז ער האט געפונען דאס וואס איז גוט וועט זי אויך ארויסקומען.

געקומען איז ער אין די דאקאטאס און האט זיך אויסגעקליבען א „האמסטעד“ וואס איז בעשטאנען פון הונדערט און זעכציג אקער לאנד, אויף וועלכע קיין מענש האט נאך ניט פון אורזלטע יאהרען זיין פוס געשטעלט.

ער האט זיך אויסגעקליבען די שטיק לאנד מחמת פיעלע טעמים: —

ערשטענס, האט זיך עס געצויגען איבער א ברייטער פלאכע, און צו צפון־זייט איז געשטאנען א הויכער, ברייטער בערגעל.

צווייטענס, איז אין דער מיט פון דער לאנד א טייבעל געפלאסען.

און דריטענס, איז מאקע די לאנד א פעטע און מיט טיעפע גראזען...

און נאך און נאך טעמים אהן א שיעור, און ער האט עס ליעב בעקומען.

און איינער אליין איז ער ארומגעגאנגען איבער די ברייטע שטחים און געטראכט און געמאכט זיינע פלענער. אט איז ביי איהם געבליבען צו בויען די הויז ביים טייכעל, איז אבער געקומען איין אנדער פלאן, אז עס וואלט בעסער געוועזען אוועקצושטעלען די הויז ביים פוס פון בערגעל. וואסער וועט שוין זיין. און דערפאר וועט עסווארימער זיין אין ווינטער, פערשטעלט פון די ווינטען.

און אין יענעם טאג, וואס מען האט איהם די פאפירען אין רעגירונגס־שטיבעל געגעבען צום אונטערשרייבען און איהם אנגעזאגט פון די פאר־דערונגען: אז ערשטענס זאל ער בויען א הויז, און צווייטענס — גראבען א ברונען, און דריטענס: צואקערען פינף אקער לאנד און זיי מיט עפעס פארזייען, און פיערטענס, וואס דאס איז די וויכטיגסטע: ער זאל זיך

אויף דער ערד אַליין בעזעצען און עס מאַכען פאַר זיין איינענע היים. — האָט גאָלדענבאַרג צו אַלעם געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ און געשוויגען.

ער האָט ניט געקענט זאָגען דאָס וואָס עס האָט זיך איהם געוואָלט זאָגען פון זיין טיעפען הארץ ארויס. נאָר שטום האָט ער די פּאַפּירען גע׳חתמ׳עט.

ער האָט באַלד זיין רחל׳ען געשריבען קורץ און פריילאַך:

„טייערע רחל׳ע, א גוטען שטיק לאַנד גענומען... גרייט זיך אין וועג. איך נעם זיך שוין בויען....

און אַזוי ווי ער האָט עס נאָר אַוועקגעשריבען זיין ליעבער פרוי, האָט ער שוין זיך דערפיהלט אויף דער נאַקעטער פּרערי ווי אין דער היים.

ער איז אַוועק צו דעם נאָהענטסטען שכן, הערר עלקינס, וועלכער האָט שוין דאַן געהאַט צוויי פערד און א גוטע ווירטשאַפט, און זיך מיט איהם בעקענט.

— וואָס קען איך טאָן פאַר אייך? — האָט יענער היימליך נעפרעגט.

— איך וויל אַפריהער טאָן פאַר אייך איין ארבייט, און דאַן זאָלט איהר מיר צוריק אָפּהעלפען, — האָט גאָלדענבאַרג געענטפערט.

עלקינס האָט זיך בעליידיגט:

— ביי אונז געהט עס אַנדערש... מען רעכענט זיך ניט. נור וואָס איהר דאַרפט, וועל איך מיט פערגעניגען טאָן פאַר אייך, און אַז איך׳ל דאַרפען וועט איהר, גלויב איך, אויך טאָן עפּעס.

— איך וועל, איך וועל, — האָט גאָלדענבאַרג געמורמעלט, און ניט פערשטאַנען דעם חילוק.

און צוערשט איז עלקינס מיט איהם געפאָהרען אין שטעדטעל אריין און זיי האָבען געבראַכט א פולען וואָגען מיט ברעטער, און שינדלען, און אַנדערע נויטיגע מאַטעריאַלען.

און גאָלדענבאַרג האָט שוין געמוזט נעכטיגען און קעסט עסען ביי עלקינס׳ען. פרוי עלקינס האָט נאָך דאַן געלעבט, און זי האָט צוליעב דעם נייעם שכן איין עוף גע׳הרג׳עט און פאַר איהם געבראָטען פלייש מיט בולבעס.

— זיינט איהר דאָך א „דזשו" און איהר טאָרט ניט עסען קיין חזיר...

— האָט זי פיעלבעדייטענד געזאָגט.

אויף דעם דריטען טאָג איז הערר עלקינס ארויסגעפאָהרען מיט זיין

אַקער און פערד און פאַר גאָלדענבאַרג'ען צואַקערט אַ שטח לאַנד. ער האָט עס געטאָן אַ פּאָאָר טעג נאָכאַנאַנד, ביז ער האָט צואַקערט אַן ערך פון פינף אַקער ערד.

דערווייל האָט דער איד גאָלדענבערג מיט זיין איינגעקויפטער האַק ערגעץ אין אַ טיעפען טהאָל ווערבעס אָנגעהאַקט און זיי געבראַכט צו טראָגען אויף זייטע אַקסלען און זיי אָוועקגעלעגט אין אַ סטוים נאָהענט פון דעם פּלאַץ, וואו ער האָט געוואָלט בויען די הויז. און אַז ער האָט געהאַט אַ סך קלעצלעך האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און זיי צוהאַקט אין קליינע שטיקלעך שפּענדלעך.

און עלקינס איז מיט איהם ווייטער אַוועק אין שטעדטעל. און זיי האָבען געבראַכט אַ וואַגען מיט בולבעס־זריעה. עס איז נאָך ניט געוועזען שפּעט צו פערזעצען קאַרטאָפּעל.

און עס האָט באַלד אָנגעהויבען צו געהן זיין נאָמען פון איין מויל צו אַ צווייטען.

פּלעג אַ שכן אַדורכפאָהרען און זעהן די קופּקע מיט די שפּענער וועלכע האָט זיך געוויסט פון ווייטענס און דאָס צואַקערטע שטיק לאַנד, פּלעג ער עס דערצעהלען אין שטעדטעל.

און אַז מען האָט די בולבעס פערזעצט, האָט עס גאָלדענבערג געטהאָן מיט גרוים כונה און פלייסיג די צושניטענע שטיקער זריעה געלעגט מיט דער שאָלאָכץ אַרויף.

דאָס, און דער וועג ווי ער האָט עס געטהאָן, איז עלקינס'ען שטאַרק געפעלען געוואָרען, און ער האָט עס דערצעהלט פאַר שכנים און אין שטעדטעל.

און שפּעטער, מיט אַ וואָך נאָך בעפאָר די בולבעס האָבען בעוויזען אָנצוהויבען אַרויסקומען פון דער ערד, האָט איהם עלקינס געהאָלפען אויפשטעלען די ערשטע פאָרמען פון דעם הויז.

גאָלדענבאַרג איז דעמאָלט צוגעפאַלען צו עלקינס הענד און זיי געגנר־מען קושען און אַליין ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן דעם „גוי", וועלכער האָט איהם אַזוי פיעל אַרויסגעהאָלפען.

און עס איז אַוועק זיין אַרבייט מיט אַ סדר.

מיט זונען־אויפגאַנג פלעג ער אָנהויבען בויען די הויז. איינער

אַליין האָט ער זי געבויט. און מיט זונען־אונטערגאַנג האָט ער די אַרבייט פון הויז אוועקגעלעגט און זיך אַ נעם געטאָן צו די בולבעס וועלכע האָבען שוין אָנגעהויבען אַרויסצוקריכען פון דער ערד אַרויס, מיט צוויי און מיט פיער בלעטלאַך, און זיי געריינינגט קעגען לבנה שיין פון די יונגע קרייטיכער.

האָט מען עס דערצעהלט אין שטעדטעל און דער איד האָט בעקומען אַ נאָמען אַ גוטען און מען האָט איהם שוין געשאַצט אין גרויסע געלטען, און מיט אַ גוטע היים.

און עט שפּעטער, ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט דעם הויז, וואָס איז בעשטאַנען פון אַ פיער־עקעכיגען צימער מיט אַ קליינער קיך און אַן אויווען פון שטיינער, און אַז ער האָט שוין אויסגעגראָבען דעם ברונען און איהם קיילכיג אויסגעלעגט מיט שטיינער, אַז די שכנים זיינען געקומען קוקען אויפ'ן וואונדער, האָט גאָלדענבאַרג געשיקט נאָך זיין פרוי.

---

דעם ערשטען טאָג וואָס הערר גאָלדענבאַרג האָט זיין פרוי אין דער ווייטער וועסט אַראָבגעבראַכט, האָט ער זי אַרומגעפיהרט איבער די פלאַכעס און בערגלאַך און בערג און טהאָלען פון זייער נייער היים.

און לאַנג זיינען זיי געשטאַנען ביים פעלד פון בולבעס. רחל, האָט זיך נים געקענט אָפּרייסען פון דער זויבערקייט וואָס איז געוועזען צו־שפּרייט איבער די רייהען מיט די הויכע און ברייט צוואוואַקסענע שטאַמען פון די דונקעל־גרינע בולבע־פלאַנצען.

און אַז זי איז דאָרשטיג געוואָרען פון אַרומגעהן, האָט ער זי אוועק־געפיהרט צו דעם ברונען און אַן עמער וואַסער פאַר איהר אַרויסגעצויגען. זי האָט געטרונקען און זיך אָפּגערוהט און ווייטער געטרונקען און געקוויקט זיך אין טיעפּעניש פון איהר האַרץ.

און אַז זיי זיינען נאָכדעם אַרויף אויף אַ הויכען באַרג און אַ קוק געטאָן פון דאָרטען אויף דעם אַלעם וואָס האָט געהייסען „זייערס" און וואָס הערר גאָלדענבאַרג האָט מיט די הוילע הענד אין אַזאַ קורצער צייט אויפגעטאָן, האָט זיך רחל דערפיהלט, ווי זי וואָלט פון אַן אָרעמער שטוב אַרויסגע'גנב'עט געוואָרען און פון אַ בן־מלך אין זיין פּאַלאַץ אַריינגע־בראַכט געוואָרען.

צו אבענד־צו זיינען די שכנים פון דעם נאָהענטען ארום און ארום זיך צוזאמענגעקומען.

זי האָט דערפיהלט אז עס איז קיין אנדערע אידען צווישען זיי ניטאָ. זי איז דאָ די איינציגע אידישע טאָכטער... און א צער האָט לייכט איהר הארץ אנגעקלאפּט...

זי איז נאָך דעמאָלט גאָר יונג געוועזען.

גאָלדענבארג האָט מיט איהר חתונה געהאט אין ניויאָרק, ווי זי איז געוועזען — „אין איין קליידעל", דערפאר וואָס זי איז שעהן געוועזען און כמעט אויסגעוואקסען אין אמעריקא.

און דאָך האָט זי, זייענדיג אליין א שטיק „יענקי", זיך געפיהלט אביסעל אונהיימליך צווישען דעם געמישאכץ פון די שכנים.

יענע האָבען עס גאָר ניט בעמערקט. מען האָט איהר אין גיכען און אויף דעם ווייבערשען שטייגער דערצעהלט פון די געוועהנהייטען און פיהראכצען אין דער ווייטער וועסט.

רחל האָט אלעס אויסגעהערט, און בעשיידען דאָ א שמייכעל געטאָן און בײ אן אנדער געלעגנהייט זיך געוואונדערט.

ווייט איז יענע לאנד און ברייט, נאָר אז איינער פאָהרט אין שטעדטעל אריין, פוילט ער זיך ניט אָבצושטעלען ביי א שכנ'ס הויז און אנקלאפּען אין טיר און די פרוי פון הויז קומט ארויס און מען דער־צעהלט איהר, וואָס עס האָט געטראָפען דאָ און דאָרט. און אזוי ווערט עס איבערדערצעהלט פון הויז צו הויז, און זעהר גיך.

דאָס אנקומען פון פרוי גאָלדענבארג האָט זיך צוטראָגען זעהר שנעל איבער דער פּרערי און עס האָט נאָך מעהר פערשטארקט דעם גלויבע אין גאָלדענבארג'ס פאָלקאָמענעם ערפאָלג.

הערר גאָלדענבארג האָט אין גיכען געקויפט צוויי פערד און א לאנגען גרינעם וואָגען, און א שנייד־מאשין און נאָך און נאָך — דאָס אלעס האָט מען איהם געבעטען צו נעמען אויף באָרג.

און האָט ער דאָך געהאט בטחון צו בעצאָהלען, האָט ער גענומען דאָס וואָס ער האָט בעדאַרפט.

און דאָס ערשטע האָט ער זיין אייגענע „היי" געשניטען. די גראָז איז געוועזען טיעף ביז דעם האלז אריין. טויזענדער יאָהרען אז די לאנד

איז געשטאַנען און עס האָט יאָהר־איין, יאָהר־אויס געוואַקסען פון זיך אליין. און דער לאַנגער ווינטער מיט די טיעפע שנייען פלעגען עס אוועק־לעגען און עס האָט געפוילט, און די ערד איז פעטער געוואָרען און וואָס א יאָהר בעסערע גראָזען ארויסגעגעבען.

האָט זיי הערר גאָלדענבאַרג געשניטען און זיין פרוי איז נאָכגעגאַנגען פון הינטען מיט א הילצערנעם גאַפּעל. און פון ווילע צו ווילע, אז די מאַ־שין האָט זיך פערשטאָפּט פון די טיעפע גראָזען, האָט זי בעדאַרפט מיט'ן גאַפּעל עס אויסרייניגען.

און אז עס איז געקומען צו מאַכען די סטויגען און אריינפיהרען די היי צום סטויג, האָט פרוי גאָלדענבאַרג א רויטען טיכעל ארום האַלז אָנגעבונדען, א ברייט־ברימיגען שטרוי־הוט אָנגעטאָן און איז ארויס צו העלפען איהר מאַן.

זי איז געשטאַנען אין וואָגען און ער האָט דערלאַנגט פון קופּקע.

דערביי האָט זי בעמערקט: אז בשעת ער נעמט א גאָפּעל היי, דאַכט זיך איהר, אז עס וואָלט בעסער געווען ווען ער זאָל טון ווי די פרוי טוט בשעת זי פאַרקעמט איהרע לאַנגע האָר: אפריהער זאָל ער ארומנעמען מיט'ן גאָפּעל פון אלע זייטען די צופאַלענע עקען פון די היי און זיי צוזאַ־מענברייגנען אין דער מיט פון קופּקעלע און דאַן וועט ער קענען ארויפנע־מען די גאַנצע קופּקעלע און איין היי זאַנג וועט ניט געהן פערלוירען.

גאָלדענבאַרג'ן איז דאָס שטאַרק געפעלען געוואָרען און שמייכלענדיג פון דעם ווייבערשען איינפאַל, פלעג ער א נעם טאָן מיט זיין גאָפּעל די קופּקע היי און עס א הויב טון אין דער הויך איבער'ן זוים פון וואָגען און מיט איטליכען הויב פלעג ביי איהם ארויס א מאָדנער קלאַנג פון צווישען זיינע ליפּען.

און ביים סטויג פלעגען זיי זיך בייטען. זי פלעג שטעהן אין וואָגען מיט'ן היי און איהם דערלאַנגען צום סטויג. גאָלדענבאַרג פלעג עס א כאַפּ טון פון איהר גאָפּעל און געשיקט אוועקלעגען איטליכען בונט היי אויף אַן אנדער אָרט.

דערביי האָט ער בעמערקט: אז דער וואָס דערלאַנגט היי צום סטויג בעדאַרף אין זינען האָבען אז זיין גאָפּעל זאָל תמיד פאַלען מיט די ציינער ארונטער, בכדי די היי זאָל גרינגער אראָפּ.

זי האָט שוין פאַרטיג געהאַט א ווערטיל:

— וואָס צו מענער און וואָס צו ווייבער.

גאָלדענבאַרג האָט די סטויגען געבויט מיט דער לאַנגער זייט צו דער הויז, עס זאָל די הויז פאַרשטעלען פון די ווינטערדיגע צפון ווינטען.

צוגעדעקט האָט ער זיי מיט א שמאָלען, שאַרפען, משופע׳דיגען שפּיץ, דער רעגען זאָל אַרונטעררינען גיכער און די היי זאָל ניט פוילען.

עס איז געלעגען גאָט׳ס ברכה אין דעם היי און אזוי אויך אין דעם פעלד פון בולבעס.

פון יעדער רייע בולבעס האָבען זיי אויסגעגראָבען צעהן זעקלאַך.

און עס איז געקומען צו פאָהרען א סוחר, און אז ער האָט דערהערט אז גאָלדענבאַרג האָט טויזענד זעקלאַך בולבעס האָט ער אָנגעבאָטען א דאָלאַר פאַר א זעקעל אויפ׳ן אָרט.

גאָלדענבאַרג האָט פערקויפט, און די געלד אין באַנק אריין, פון שטעדטעל, אוועקגעפיהרט.

דאָס שטעדטעל האָט זיך געוויעגט.

און דאָס ערשטע האָט ער בעצאָהלט אַלע זיינע חובות און האָט אָנגעהויבען צו בויען א שטאַהל פאַר זיינע פערד. און געקויפט א קוה, עס זאָל זיין די גלאָז מילך אין הויז.

און אזוי איז דאָס אוועק יאָהר־איין, יאָהר־אויס.

און אז גאָלדענבאַרג האָט זיך ארומגעקוקט און האָט געזעהן אז עס איז נאָך דאָ גענוג פרייע לאַנד ארום און ארום, האָט ער אויסגעקליבען אַן אנדער שטח לאַנד, וועלכעס גרענעצט זיך מיט זיינעם און פרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך גע׳חתמ׳עט אויף די רעגירונג׳ס פּאַפּירען, אז זי וויל עס פאַר א היים פון איהר׳ט וועגען.

אַלע האָבען זיך אזוי נוהג געוועזען, פאַר וואָס זאָל ער זיין אַן אויסנאַהם ?

און מען האָט איהר געגעבען דעם דאָזיגען שטח לאַנד, נאָך די געזעצען פון יענעם געגענד. און זייער ערד איז פערדאָפּעלט געוואָרען.

און נאָכדעם איז פון יענעם שטאַאט געקומען א רעגיערונגס מענש און צוזאַמענגענומען אַלע לאַנד־בעזיצער אויף איין אסיפה און זיי מודיע געווען, אז :

„ווער עס וועט אויף זיין לאַנד איין אַקער ערד מיט בוימער פערפלאַנצען, מעג זיין פרוכט, מעג זיין פשוט׳ע וואַלד־בוימער, דעם מענשען,

וועט די רעגיערונג שיינקען נאָך אמאָל אזוי פיעל לאַנד, ווי פיעל ער בעזיצט." —

ווער האָט ניט געפלאַנצט קיין בוימער?

גאָלדענבארג האָט אין נאָרט־וועסט ווינקעל פון זיין לאַנד־גרענעץ געפלאַנצט עטליכע רייען מיט מייפעל־בוימער, און זיין לאַנד האָט זיך דערווייל נאָך אמאָל געדאָפּעלט און טאַקע דערפאַר איז זיין רעמענענט גרעסער געוואָרען און ער האָט שוין אליין ניט געקענט פארטיג ווערען און בעדאַרפט האָבען איין ארויסהעלפער.

פלעג ער ברייגנען פון דער גרויסער שטאָדט ניויאָרק א יונג א שטאַר־קען און א אידען, ווייל אויף א גוי'אישען יונג קען מען זיך ניט פערלאָזען אז ער „צוטרינקט" זיך... האָבען זיך אָבער די אידישע יונגען ניט געהאַל־טען לאַנג; אָפּגעוועזען א יאָהר, פארבייגקט זיך צוריק אין שטאָדט און איז אוועק.

ביז גאָט האָט פאר איהם צוגעשיקט דעם בחור אייזיק, וועלכער ארבייט מיט אן עהרליכען פלייס, און ווי אן אייגענער.

ט.

אויף דעם בעשטימטען היכען באַרג איז דער פערד־יונג געשטאַנען און געוואַרט אויף דברוה׳ן. די זון איז שוין געוועזען איבער זיין קאָפּ, און געשיקט גלייכע שטראַהלען איבער פעלד און גראָזען.

— וואָס וועט זיין — האָט דער פערד־יונג א טראַכט געטאָן — אין הויז וועט מען דאָך ניט וויסען וואָס צו טראַכטען וועגען אונז. און וואו איז „זי“ טאַקע?

ער האָט געטאָן א ציה זיין רייטערל, א קלאַפּ געטאָן מיט זיינע פיס אין די זייטען אריין און איז אוועקגעריטען צו צפון־זייט. ער איז געקומען ביז דעם דראָטענעם פּלויט און איז אוועק מיט דער לייגג פון צפון־זייט פּלויט און אויסגעקוקט זיינע אויגען, און אויסגעפייפט און געברומט, און קיינער האָט ניט געענטפערט.

— וואו זאָל „זי“ זיין?

עס איז איהם פּלוצים געקומען אין דער מחשבה, אז דבורה איז א גרויסע „שטיפערקע“ און זי האָט היינט מיט איהם אויך געוואָלט מאַכען א שפּיעל. זי איז אוועק אהיים און איהם געלאָזען וואַרטען אויף דעם באַרג.

עס האָט איהם באַלד אָנגעהויבען הנאה צו טאָן. ער וועט אהיים קומען. זי וועט עס דערצעהלען און מען וועט לאַכען.

און ער האָט א דרעה געטאָן זיין רייטערל אויף אהיים. דער פערד האָט געוואָלט אָנהויבען צו לויפען אין גאַלאָפּ, האָט דער פערד־יונג ניט געלאָזען. פּאַוואָלינקע איז ער זיך געפאָהרען און געטראַכט וועגען דבורה׳ן און זיך אליין.

„שוין דריי יאָהר אז ער ארבייט ביי הערר גאָלדענבאַרג. עס איז איהם ביז איצט געלונגען צו פערבעהאַלטען זיינע אינערליכע שטרעבונגען פון די הויזיגע. אַלע מאָנאַט בעקומט ער זיין „געהאַלט“ און פיהרט עס אוועק אין באַנק אריין. זיינע אויסגאַבען זיינען זעהר קליינע, אפילו

טאַבאַק בעקומט ער אויך פון הויז. ער האָט זיך שוין דאָ אויסגעלערענט צו רויכערען. עס איז אומעטיג, אַז דו שטעהסט אין פעלד איינער אַליין, וויל זיך רויכערען. עס ארבייט זיך בעסער דעמאָלט.

„דריי יאָהר, און גענוג! מעהרער וועט ער דאָ ניט זיין. כאָטש ער האָט ליעב די דאָזיגע ארבייט אויף א פערד־ריינדזש... און ווען עס פלעג קומען, אַז מען האָט בעדאַרפט צוימען א יונגע בראָנקאָ איז דאָס געווען א הייליגע ארבייט פאַר איהם. עס האָבען זיך אָנגעצויגען זיינע מוסקולען און זיין ברוסט האָט זיך פעסט אויפגעהויבען. און מיט א פייכטען גלאַנץ אין זיינע אויגען פלעג ער פערוואַרפען דעם „שלייף" איבער דער בראָנקאָ, וועלכער האָט זיך ניט געלאָזען צוימען.

נאָך פון קינדהווייז אויף פלעג ער ליעב האָבען פערד. און פונדעסט־וועגען וועט ער זיך מיט זיי שיידען.

„עס איז דאָ אומעטיג צווישען דעם געמישעכץ פון מענש, פערד און פרעירי. אַז עס קומט דער שבת, וועלכער איז אויך גאָלדענבאַרג'ס רוהע־טאָג, איז עס נאָר משוגע צו ווערען. דער טאָג איז מורא'דיג לאַנג. און דער געדאַנק „אַז דו ביזט איינער אַליין אין אַזא ווייטער און ברייטער פרעירי, וועלכער ווייסט פון שבת", אַנדערע האַלטען דעם זונטאָג און נאָך אַנדערע ווייסען ניט פוןביידע, דער דאָזיגער געדאַנק צוברעכט דאָס רוהיגע געמיטה און מאַכט פיהלען, אַז עס וואָלט בעסער געווען היינט צו טאָן די שווערסטע ארבייטען, זיך צו פערגעסען!...

„און עס פערדריסט אויף דעם ענערגישען גאָלדענבאַרג'ען, ווי ער לאָזט זיך ניט... ער שטעהט ביי דאָס זייניגע, ווי א פעלז!..."

„און האָט ער דען ניט א רעכט אַזוי צו האַנדלען — טראַכט ער ווייטער — אָט, איך בין אהער געקומען מיט א בעשטימטען צוועק — וועט דען ווער מיין צוועק ענדערען?"

„ער האָט ליעב דבורה'ן... וועט ער זי רופען מיט זיך.

„זי וועט מיטגעהן, מיט איהם קיין פאַלעסטינא. ער איז ביי זיך זיכער, אַז זי געהט מיט איהם! ער וועט איהר איינמאָל אָנזאָגען פון זיין בעגעהר, און זי וועט איהר קאָפּ מיט די ווייכע האָר צו זיין ברוסט נויגען און שווייגען....

„יאָ, ער פיהלט עס שוין פון דעם טאָג אָן, וואָס מען האָט דבורה'ן געבראַכט אין הויז אריין. זי איז און וועט זיין מיט איהם..."

„און אין דעם לאַנד פון אוילבירטען און וויינשטאָקען וועלען זיי געהן. און דאָרט וועלען זיי א שטיק ערד קויפען.“

„און זיי וועלען דאָרט צוזאַמען א הויז בויען און א ברונען גראָבען. און א וויינגאָרטען אין גלייכע רייען פלאַנצען אויף איינעם פון די סקאָפען, אין די פאַלעסטינא'ער בערג...“

„און א סך, א סך, מוז דאָרטען שוין זיין, אזוינע וויינגערטנער און היימען... אויב ניט וועט ער מיט דבורה'ן זיין די ערשטע...“

„אויף די פאַלעסטינא הויכע און לאַנגע בערג וועלען זיי די ערשטע בויען א הויז, און דבורה וועט דאָרטען צו איהם א קינד געבוירען...“

„און נאָכדעם וועלען קומען נאָך אַנדערע יונגע פּאָר..“

„און עס וועט ווערען א נייע ליכטיגע בערגיגע וועלט... מיט וויינ־גערטנער און אוילבירטען, און שאָף און רינדער.“

און איבער די טהאָלען פון דעם נייעם לאַנד וועט רינען מילך און האָניג, אויל און וויין...“

„און אונזערע קינדער וועלען ארומגעהן דורך די נעכט און זינגען נייע ליעדער, פון וועלכע עס וועט שמעקען מילך, האָניג, אויל און וויין...“

„און איבער די בערג וועט זייער געזאַנג ציטערען... און אין די טהאָלען וועט עס נידערען און צוריק איבער דעם גאַנצען נייעם לאַנד ווידער אויפקומען.“

„און מיר, זייערע עלטערען, וועלען דאַן רוהען פון טאָג ארבייט, אין אונזערע היימען.“

„און מיר וועלען איינגעשלעפערט ווערען מיט א זיכערען האַרטען שלאָף און אונזערע נשמות וועלען שוועבען אין דעם נייעם הימעל אריין.“ — — — — — — — — — — — — — —

דאָס „רייטעריל“ האָט אויך דערפיהלט עפּעס א לייכטקייט אין זיינע ביינער אַזו עס האָט גענומען שוועבען און וויעגען זיך. באַלד זיינען זיי שוין ביים הויז.

און צוקומענדיג געהנטער צום הויז האָט דער פערד־יונג אויף פריהער א דרעה געטאָן זיין רייטעריל צום שטאַהל. ער איז צוגעריטען און אריינ־געקוקט דורך דער אָפענער ברייטער טיר.

„קיטי“ איז ניט געווען אין שטאַהל. עס האָט איהם א שלאָג געטאָן

אין הארץ און אַלע זיינע בלוטען זיינען איהם אנטלאָפען פאַר שרעק.
„ איז דבורה נאָך ניט אהיים געקומען ? !...“
און ער איז צונעריטען צום הויז, זיין קאָפּ נידעריג אראָפּגעבויגען.
אין הויז איז קיינער ניט געוועזען.

ט.

עס איז געוועזען אז הערר גאָלדענבאַרג האָט אין יענעם צאָהל־טאָג צוזאַמענגענומען די גאַנצע געלד און איז אַוועק אין שטעדטעל עס אין באַנק אריינצולעגען.

זיין פרוי רחל האָט איהם מיטגעגעבען א צעטעלע אהיים ברענגען זאכען פון שטעדטעל און האָט בעמערקט:

— זעה נאָר, ווען דבורה׳לע איז איצט אין דער היים, וואָלט איך אויך אביסעל געפאָהרען אין שטעדטעל.

— וועסט שוין פאָהרען קומענדע וואָך, רחל — האָט גאָלדענבאַרג געענטפערט — הער, אז זיי וועלען אהיים קומען, זאָג אייזיק׳ן ער זאָל צוגרייטען דעם שנייד־מאַשין, מאָרגען שניידט ער ווייץ. —

נאָכדעם ווי גאָלדענבאַרג איז אַוועקגעפאָהרען האָט זיך די פרוי זיינע, ווי זי פלעג עס אָנרופען אין איהר אייגענעם לשון: דערפיהלט, ווי מען וואָלט איהר הארץ פלוצים אָבגעריסען.

— וואו זאָלען זיי, דבורה מיט׳ן יונג, זיין אזוי שפּעט?

זי איז ארויס מיט די „פעלד־גלעזער” און גענומען קוקען אין אַלע ווייטע ווייטען, און האָט קיינעם ניט בעמערקט.

„מוזען זיין ערגעץ ביי די ווילדע בול־ווייכשעל אין דער טיעפער „קעשענע” וואָס פון יענער זייט הויכען בארג, — רייטענדיג אויף די פערד, קען מען די ווייכשעל קלייבען. ער, דער פערד־יונג, מוז זיי רייטען פון די בוימלעך, זיך צושטעכען זיינע הענד אין די לאַנגע האַרטע נאָדלען, וואָס בעשיצען יעדען ווייכשעל. ער רייסט די ווייכשעל און דבורה נאַשט פרעהלאַך....”

פרוי גאָלדענבאַרג האָט אַוועקגענומען די פעלד־גלעזער פון די אויגען און זיך געלאָזט געהן צום ווייץ־פעלד. מאָרגען דאַרף מען די ווייץ שניידען, וועט זי זעהן דאָס פעלד איידער עס איז נעשניטען. די פעלד־

גלעזער זיינען אויף א שווארצען רימען געהאנגען פון איהר האלז אראפ און מיט ביידע הענד פערשטעקט אין די זייטען האָט זי אריינגעשפרייזט אין דעם ים פון גרוי־געלען טיעפען ווייץ...

זי האָט געטראכט:

„א ווייץ אין דער ערד און עס קומט ארויס א זאנג מיט פינף און פערציג קערנדלעך... די האנד פון גאָט איז אין דעם. ביי איין אנדערען איז דאָס ניט אזוי.

„אלע אקערען און זייען צוגלייך מיט אונז.

„קומט דער ליעבער זומער, איז ביי אונז די גאנצע פעלד געדיכט און גרין, און ביי זיי איז עס ווי מיט פלעקען גרינע דאָ און דאָרט.

„ווערען זיי אין כעס אויף גאָט און צואקערען די פעלדער נאָך א מאָל און מען זייעט איין אנדער ברויט.

„קומט ארויס דער האָבער, אָדער דער קאָרען און די גאנצע פעלד איז דורכגעמישט מיט ווילדע געל־רויטע קוויטען, און מיט ווילדע ווייסע מערענ־בלומען. איז דאָך דאָס א ניט־גוטער פאר דעם ברויט.

„ווערען זיי אין כעס, מען כאפּט די שנייד־מאשין און מען האקט די גאנצע ברויט מיט די ווילדע קוויטען און בלומען גרינערהייט.

„עס וועט זיין גוטער היי — טראכטען זיי.

„שיקט גאָט א רעגען און עס גיסט א טאג און צוויי נאכאנאנד.

„נאָכדעם קומען זיי ארויס אין פעלד און בעטראכטען די היי:

„שווארץ ווי שטויב, קיין בהמה וועט עס ניט א שמעק טהן.

„און מען ווערט פול מיט צאָרען און מען שפּאנט פערד אין אקער. מען אקערט נאָך אמאָל און מען רעדט זיך אוים די הארץ:

„עס וועט זיין גוט פאר דער ערד, זי וועט פעטער און וייכער ווערען...

„און איבעראיאָהר, אוי וועה און א קלאָג... א ווייץ אין דער ערד בריינגט פינף און פערציג קערענדלעך און א ווילדער רעטעך אין דער ערד בריינגט מיליאָנען קיילעכיגע הארטע און ברוינע זאָמען אין איין שטאם...

„ווערט זייער פעלד פערפלייצט יאָהר־איין, יאָהר־אוים מיט ווילדע קרייטעכער און די ברויטען קענען זיי ניט קעגענשטעהן. און מען בלייבט ממש אָהן ברויט...

„און ווער איז שולדיג? האָט דען גאָט ניט געקענט אראָפּשיקען צו זיי א גוטען געדאנק?..."

פרוי גאָלדענבאָרג דערמאָנט זיך אָן דעם ערשטען פעלד וואָס גאָל־דענבאָרג האָט אין ווינטער־ווייץ פערזייעט:

אז עס איז געקומען צו פריהלינג איז די ברויט געווען געדיכט, שעהן און גרין. האָבען זיך מענשען געוואונדערט.

האָט ער געזאָגט:

— איך וויים ווי צו זייען ווינטער־ווייץ.

און אַז גאָלדענבאָרג האָט אַ פעלד מיט זומער־ווייץ פערזייעט, אַ צווייטען מיט האָבער און אַ דריטען מיט פלאַקס, און אז עס האָט אָנגע־הויבען ארויסצוקומען פון דער ערד, פלעגען מענשען קומען קוקען אויף נאָט'ס וואונדער.

פיערעקעכיגע פעלדער און גלייכע שורה'לאַך, ווי מיט אַ ווירע אויסגעמאָסטען, און די שפּראָצונגען איינע נאָך די אנדערע, ווי מיט דער געניטער האנד אָנגעזעצט.

האָט ער געזאָגט:

— איך וויים ווי מיט דער מאַשין ארומצוגעהן.

און אז עס האָט זיך אין די ברויטען דאָ און דאָרט אַ ווילדער קוויט בעוויזען, פלעגט זיך זיין פנים פערוואָלקענען מיט אַן ערנסט. און ער פלעג ארויסגעהן אין פעלד אריין, זי אויך מיטרופען, און מיט די בלויזע הענד האָט מען די קווייטען פון דער ערד, יונגערהייט, ארויסגעפליקט.

זיי זאָלען ניט דערלעבען, די ווילדע קרייטעכער, צו בלומענצייט...

האָט מען געלאַכט:

— דער איד טרעט אויף זיינע ברויטען.

גאָלדענבאָרג האָט זיינס גע'עקשנ'ט:

— איך וועל פערטרעטען הונדערט ברויט־זאַנגען, אָבער מיליאָנען קרייטעכער און דערנער וועל איך אומברייננגען...

מיט איבערגעבראָכענע רוקענס פון פיעל בויגען זיך, און מיט אָנגע־שוואָלענע הענד פון געכטען, האָט מען היינט ווייטער דערנער און קווייטען געריסען. מיט די וואָרצלען האָט מען זיי בעדאַרפט רייסען. נאָכ־דעם פאַר'ן הויז אין הויפענס זיי פערברענט.

אַ ווייץ אין דער ערד, ברייננגט אויף פינף און פערציג קערענדלעך, אַ ,גאָט אין הימעל, און די פינף און פערציג קערענדלעך ברייננגען אויף

קומענדען יאָהר נאָך אַמאָל צו פינף און פערציג קערענדלאַך און עס איז שוין דאָ אַ ברויט צו דערהאַלטען אַ נשמה...

און וואָס ברייגגט דער דאָרען, און וואָס נוצט די קווייט?

דער דאָרען וואַקסט אַרויס פון מיין קערענדעל אין אַ הויכען שטאָם מיט אַ קיילעכדיגען און ברייט בעצווייגטען קאָפּ. מיט הונדערטער שויטען. און אין יעדען שויט הונדערטער קערענדלעך. און אַז עס קומט זיין צייט אין אָסיען און דער צפון־ווינד ברעכט דעם קאָפּ פון דאָרען אָפּ און נעמט איהם קייקלען איבער דער פּרעירי, און די שויטען צושפּעגנען זיך און די קערענדלאַך ווערען צוזייעט און צושפּרייט.

און וואָס האָט מען דערפון?

## י"א.

רחל גאָלדענבארג האָט זיך לאַנג געשפּינעלט אין דעם ווייץ־פעלד, וואָס מען דאַרף מאָרגען שניידען, און נאָכדעם זיך געלאָזט צוריק אהיים. געהענדיג אין מיטען וועג האָט זי אַ פּאָר מאָל אָנגעשטעלט די פעלד־גלעזער צו איהרע אויגען. אָט האָט זי דערזעהן אַ רייטער פון ווייטענס, אָבער עס בעדאַרף דאָך זיין צוויי רייטער, אַז דאָס זאָל זיין דבורה מיט'ן יונג....

רחל איז אריין אין הויז, זיך פאַמעלעך גענומען מאַכען פייער אין אויווען אויף צו קאָכען דעם אבענד מאָהלצייט. אין דער אייגענער צייט געטראַכט, וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג, אוועק פון הויז מיט אַ יונג אויף אַזוי לאַנג. וואָס טוען זיי דאָרט ביז איצט?... באַלד אָבער האָט זי מיט פערדראָס זיך ווי צוריקגעכאַפּט —דבורה איז אַ מיידעל... אַ פרעמד מיידעל.... און ניט איהר אייגען קינד... און אין איינעם מיט דעם האָט זי שוין אויך גענומען טראַכטען פון דעם, אַז זי, רחל אליין, איז נאָך מיידעלש... זי ווייס ניט דעם אמת'ן טעם פון אַ מוטער.

און נאָך אַ זאַך איז געוועזען ביי רחל'ען אויפ'ן געדאַנק: תמיד ווען זי בלייבט אליין אין הויז, אויף דער דאָזיגער פרעירי טראַכט זי וועגען דעם.... און ווען זי טראַכט פון דעם ווערט איהר פּנים בערויטעלט און באַלד געהט אוועק דאָס רויטע און אַ צאַרט בלאַסקייט קומט אָן.

זי האָט דאָך נאָך ניט געפיהלט דאָס וואָס אַ מוטער פיהלט...

ער וואַרפט די שולד אויף איהר... און זי... —

„זעה נאַר! אַ קאָפּ פון אַ פערד אין פענסטער!" — האָט רחל ווי צו זיך אליין אויסגעשריען, און אַ וואָרף געטאָן אַלעס אין קיך און איז ארויס אין דרויסען.

און עס איז געוועזען, ווי מען עפענט אַ טיר פון אַ וואַרעמער הויז אין אַ פראָסטיגען טאָג און מען קומט ארויס אויף דרויסען און עס כאַפּט ארום דער פראָסט, אַזוי האָט עס רחל'ען ארומגעכאַפּט און עס איז איהר

געוואָרען קאַלט אין יעדען אבר, ווען זי האָט דערזעהן אונערוואַרטעט יאָהאַנ'ען זייער שכן עלקינס'עס זוהן אויף זיין פערד און דבורה'ן האָט ער געהאַלטען אין זיינע אָרעמס.

פרוי גאָלדענבאַרג'ס פאַנטאַזיע האָט זיך געהיצט און אין איין צעהנטעל פון א רגע האָט זי איבערגעטראַכט טויזענדער געדאַנקען.

יאָהאַן האָט בעמערקט רחל'ס צושראָקענעם פנים און האָט געטאָן א לייכטען בויג מיט זיין קאָפּ, און מיט א שמייכעל זי בערוהיגט:

— עס איז גאָרניט, זעהר לייכט...

— וואָס איז געשעהן? — האָט ערשט יעצט רחל זיך דערמאָנט צו פרעגען — וואָס איז פאָרגעקומען?!

— מוהמע — האָט דבורה זיך געפּרובט א הויב טאָן, און ווי זי וואָלט וועלען ארונטערשפּרינגען פון יאָהאַנ'ס פעסטע אָרעמס, — מוהמע, נעמט מיך ארונטער. אין הויז וועל איך דערצעהלען...

פרוי גאָלדענבאַרג האָט צו איהר ברייט אויסגעשטרעקט איהרע האַלבאָבגעדעקטע, רונדע הענד. זי א נעם געטאָן. דבורה האָט זיך ארומגעקלאַמערט ארום איהר מוהמעס נאַקען און האָט א לייכטען קרעכץ געטאָן.

פלינק ווי א פויגעל איז יאָהאַן ארונטער פון זיין זאָטעל, האָט א נעם געטאָן דבורה'ן, און מיט א זעהר בעזאָרגטען אויסדרוק אויף זיין פנים, געהאָלפען אריינטראָגען דבורה'ן אין הויז אריין.

מען האָט דבורה'ן אריינגעלעגט אין בעט. רחל האָט זיך גענומען פאָרען ארום פוס. דאָס ערשטע האָט זי ארונטערגעצויגען דעם שוך זעהר פאַמעלעך און דבורה האָט זיך דערביי געצאַפּעלט פון וועהטאָג.

יאָהאַן האָט דערוייל, אביסעל פיהלענדיג זיך ווי איבעריג, דערצעהלט ווי אזוי ער האָט געריטען אין פעלד, א קוה איז ביי זיי אין ערגעץ פערפאַלען געגאַנגען, איז ער זי געפאָהרען זוכען און פּלוצים האָט ער, הערר גאָלדענבאַרג'ס נעפּאָט געפונען.

דער פוס ביי דבורה'ן איז געוועזען בלייך...

רחל האָט איהם גענומען ארומטאַפּען פון אַלע זייטען און ווען זי האָט אָנגעריהרט דעם קנעכעל האָט דבורה א שטאַרקען קוויטש געטאָן. פרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך אויף א רגע ווי דערשראָקען און איז באַלד אוועק אין קיך און שנעל צוריקגעקומען מיט א שיסעל קאַלטע וואַסער און מיט א האַנדטוך, און אָנגעהויבען צולעגען קאָמפּרעסען אַפּ און אויף.

— דבורה לעבען, טו אַ הויב דיין פוס, — האָט זיך רחל גענומען בעטען.

דבורה האָט אַ הויב געטאָן דעם פוס און מיט אַ שאַרפען קלעם ביים האַרצען האָט זי איהם אַ דרעה געטאָן אַראָפּ און אַרויף. די פרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך צוגעבויגען מיט איין אויער צו דער בלייכער הויט פון פוס און זיך איינגעהערט. זי האָט גאָר ניט געהערט און האָט מיט שמחה אויסגערופען:

— דאַנקען גאָט, ניט צובראָכען, מוז זיין נאָר לייכט אויסגעלינקט. זאָג, — האָט זי זיך צוגעבויגען צו דבורה'ס פּנים, — פיהלסטו ערגעץ אַן אַנדער וועהטאָג? שעהם זיך ניט. דיין פעטער איז אויך שוין עטליכע מאָל אַרונטערגעפאַלען פון זאָטעל און עס האָט איהם ניט געשאַדט. — און זי האָט צוגעגעבען, קוקענדיג צו יאָהאַנ'ען — דער, וועמען ס'פערד וואַרפט ניט אַרונטער, איז גאָר קיין אמת'ער רייטער ניט...

יאָהאַן האָט אַ שמייכעל געטאָן און זיין גאַנצע געזיכט איז פערפלאַמט געוואָרען מיט אַ רויטליכער שעמעוודיגקייט. און בכדי צו פערשטעלען זיין פערלעגענהייט האָט ער זיך אָנגעבאָטען אַוועקצורייטען נאָך דעם דאָקטאָר.

— איך דאַנק — האָט מאַדאַם גאָלדענבאַרג געזאָגט, — דער פערד־יונג וועט פאָהרען נאָך איהם.

— ער איז דען אין דער היים? — האָט זיך דבורה פערוואונדערט.

— וואָס, ער איז ניט געקומען מיט אייך צוזאַמען?! וואָס איז געשעהן?!... — פרעגט די פרוי גאָלדענבאַרג.

דבורה האָט קרעכצענדיג דערצעהלט:

— מאַ, ווייסט דאָך, איך האָב געריטען מיט איהם און נאָכדעם בין איך אַוועק בעזונדער און ער בעזונדער... דאָס פערד האָט מיך אַראָפּגעוואָרפען. און ווען ניט העדר יאָהאַן, ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געוועזען...

פרוי גאָלדענבאַרג האָט פערבראָכען די הענד און גענומען ברומען: „דער יונג", „אַזאַ יונג"... — און גענומען דורכדרינגליך קוקען דאָ אויף יאָהאַנ'ען, דאָ אויף דבורה'ן...

יאָהאַן האָט נעפלאַמט פון פערלעגענהייט און פון נאָך אַ טיעפערען געדאַנקען, וואָס האָט יעצט זיך אַריינגעכאַפּט צו איהם אין האַרצען. ער האָט נאָכאַמאָל פאָרגעשלאָגען אַוועקצורייטען נאָך דעם דאָקטאָר.

פרוי גאָלדענבארג האָט איינגעשטימט, נור מיט דעם בעדינג, אז זי וועט עס רעכענען פאר דער גרעסטער טובה... און אז הערר גאָלדענבארג וועט איהם דערפאר אָפּדיענען...

יאָהאן איז ארויס פון הויז, האָט זיך ארויפגעכאַפּט אויפ'ן פערד.

דאָס פערד האָט זיך אָנגענומען מיט זיין נערוועזיטעט און האָט זיך גענומען טראָגען ווי א ווילער, און אזוי ווי א ווילער האָבען זיך אויך גענומען טראָגען יאָהאַנ'ס געדאנקען. — איהם האָט דבורה דערצעהלט נאָר עפּעס אנדערש... זי איז אליין ארויסגעפאָהרען אויף א שפּאַציער און ארונטערגעפאלען פון פערד... ווען זי וואָלט איהם דערצעהלט דעם אמת... זי האָט איהם ליגען געזאָגט... און איהר קערפּער האָט איהם אזוי גערייצט דעם גאנצען וועג... ווען ער זאָל געוועזען וויסען אז דער פערד־יונג האָט זי מיטגענומען אויף דער פרעירי און דורך איהם איז זי פערוּונגליקט געוואָרען. — דאָרטען וואו מען גלויבט עפּעס, קען שוין נעמאָלט זיין נאָך עפּעס... איהר קערפּער האָט איהם אזוי גערייצט א גאנצען וועג... און רייצט נאָך איצט און רייצט...

## י״ב.

די נאַכט איז געווען א שטאַק בלינדע.

מען האָט ניט געזעהן קיין בערג און קיין טהאָלען, קיין פּלויט און קיין וועג, נור אַ געדיכטע שווארצקייט איז געלעגען ווי אַנגעפּרעסט אויף דער ברייטער און ווייטער ערד.

דער פּערד־יונג האָט אָבגעלאָזען דעם פּערד זיינעם, ווייל ער האָט געוואוסט, דאָס וואָס אַלע ווייסען, אַז אַ פּערד האָט ליכטיגערע אויגען פון אַ מענשען און ער וועט טרעפען אהיים.

פון דעסטוועגען האָט ער מיט אַ פינסטערען געמיטה, וואָס האָט שווארץ געפּרעסט זיין הארץ, און מיט אַ צוהיצטען מוח, ניט אָבגעלאָזען זיינע חושים פון דעם וועג, וואָס האָט זיך אונטער דער געדיכטער פינס־טערניש געשפּרייט.

ער האָט געוואוסט ווען דער פערד געהט בארג אראָפּ אָדער באַרג ארויף, אַ טייכעל איז ער דורכגעגאַנגען און אָט איז שוין די לעצטע היל־צערנע בריקעל צו דער היים. ער האָט ניט געזעהן די בריקעל, נור געהערט ווי דער פערד קלאַפּט מיט זיינע פיס אויף ברעטער.

און מחמת ער האָט זיך דערפיהלט נאָהענט פון דער חיים און האָט געוואוסט אַז עס וועלען איהם בעגעגענען פיער אויגען, און אַז ער האָט גאָרניט וואס צו דערצעהלען... איז איהם געוואָרען שווער.

קען ער דען אריינקומען און זאָגען, אַז דבורה איז טויט?

קען ער דען אריינקומען אין הויז און זאָגען אַז זי לעבט?

קען ער דען אריינקומען אין הויז און זאָגען צוויי ווערטער, מיט וועלכע ער זאָל אויסדריקען זיין שמערץ?

קען ער דען אריינקומען אין הויז און שווייגען?

וואו איז איצט דבורה?.. די ליעבע דבורה!..

ער איז שוין באַלד משוגע פון צו טראַכטען, און עס איז קיין האָפ־נונג ניטאָ....

ער מוז דאָך אהיים קומען. עס איז ניט געוועזען קיין פּלאַן צו בלייבען אויף דער פּרעירי איבער נאכט, ווי ער האָט פון אָנפאַנג בעשלאָסען.

ניין, ער מוז אהיים קומען און דאַן אוועק צוריק אויף די פעלדער און ארומנעהן און זיך איינהערען אין דער פינסטערער נאכט אריין, אפשר וועט ער איהר קול פון ערגעץ א טהאָל אָדער א בארג אויפכאַפּען.

נאָר ווי אזוי קומט מען אהיים? ער מוז זיך נור מיט א שטיין זיין קאָפּ צושטויסען פאר דער טיר פון די גאָלדענבארגס און זאָל זיי גאָר ניט דארפען דערצעהלען.

מיט אמאָל האָט געטאַן א שיין עפּעס א ליכט פון ערגעץ ווייט. עס האָט איהם געטאַן א קלאַפּ אין הארצען.

אָט איז די היים!....

און די ליכט קומט אַלץ נעהנטער. אָט איז עס שוין גאָר נאָהענט.

די גאָלדענבארגס, פרוי און מאַן, מוזען דאָרט שטעהן ביי דער טיר. זיי הערען מן הסתם דאָס טאָפּקען פון פערד און זיי שטעהען שוין אָנגעגרייט איהם צו בעפאַלען מיט וועה־געשרייען...

נור וואָס איז דאָס? !... די ליכט האָט זיך פערדרעהט אין א זייט.

מן הסתם איז די הויז אָן דאָרט, אין יענער זייט. ער נעמט שוין אָן די לייצעס אין זיינע ציטריגע הענד און פערקירעוועט אין יענער זייט, צום ליכט.

אָט איז ער שוין דאָ. א פּחד פאַלט איהם אָן:

עפּעס בילט דער הונד ניט...

אפשר איז הערר גאָלדענבארג ארויס אויף דער פּרעירי מיט דעם הונד, זיי אויפצוזוכען.

און אזוי טראַכטענדיג, טוט ער א קוק אז די ליכט איז גאָר פון הינטען. ער איז זי שוין אריבערגעפּאָהרען.

ווערט ער שוין אין כעס אויף זיין פערד, וואָס רייסט זיך אויף פאָרווערטס, און ער טהוט א ריס מיט די לייצעס, די צוים טהוט אזש א קלונג אין פערד'ס מויל, און נעמט זיך יאָגען נאָך דעם ליכט אויף צוריק.

יאָגט ער זיך און יאָגט זיך, און דאָס ליכט ענטלויפט אַלץ פון איהם. וויל ער זיך ניט גלויבען אז די ליכט ענטלויפט און ער נעמט זיך נאָך שטארקער יאָגען נאָכ'ן פייער. און ערשט ווען ער האָט דערהערט אז זיין פערדעל פּלוכקעט זיך אין וואסער, איז איהם געקומען אויפ'ן געדאנק די

מיאזמא, וואָס ציגדט זיך דאָ אָפּט אָן אין די פינסטערע נעכט און אויף וועלכע די שכנים גלויבען. אז דאָס פאָהרט אזוי ארום איבער דער פרעירי אַ שד מיט אַ לאַנטערנע אין האַנד...

דאַן איז ערשט אַ פּחד אויף דעם פערדיונג אָנגעפאַלען, ווייל ער איז אראָפּ פון וועג און ניט געוואוסט וואו ער געפינט זיך אין דער דאָזיגער בלינדער פינסטערניש — האָט ער נאָך אַמאָל אָבגעלאָזען דאָס פערדעל און דאָס פערדעל האָט געריטען איבער טהאָל און איבער בארג, ביז עס האָט דער פערד־יונג דאָס בילען פון גאָלדענבארג׳ס הונד דערהערט.

עפּעס איז געוועזען אָהן אַ גרענעץ היימליכעס און טרייעס אין דעם דאָזיגען לאַנגלעך טרויעריגען בילען, און אַ וואַרעמקייט האָט פון דעם גענומען שטראָמען אין זיין הארץ אריין.

ער איז צוגעקומען צום הויז, איז אראָפּ פון פערדעל, האָט איהם אריינגעלאָזען מיט׳ן זאָטעל אין שטאַהל אריין, און אליין איז ער אריינ־געפאַלען אין הויז ניט טויט ניט לעבעדיג.

די מענשען פון הויז האָבען זיך אַלע מיט פרייד אַ הויב געטאָן פון זייערע פּלעצער, זיינען איהם אקעגען געלאָפען.

דבורה איז אויך ארונטער פון בעט, ניט בעמערקט פון די הויזיגע.

זי איז ארונטער — ווייל אַלעס איז געקומען צוריק מיט דעם פערד־יונג׳ס אומקעהרען....

פון שטאַרקען אונבעוואוסטען שפּרונג, איז דער קנעכעל פון איהר לינקען פוס געקומען אין זיין אָרט...

— וואו ביזטו געוועזען ? !

— וואו ביזטו געוועזען ? !

און מיט גרויס מיה האָט מען דבורה׳ן צוריק אריינגעלעגט אין בעט.

דער יונג האָט דערצעהלט, ווי די „מיאזמא“ האָט איהם ארומגע־פיהרט איבער דער פּרעירי.

דבורה און פרוי גאָלדענבארג האָבען געלאַכט. מען האָט זיך פערגע־סען אויף אַ ווײלע אָן אַלעס און ·אלע האָבען הארציג געלאַכט.

פרוי גאָלדענבארג האָט, ווי תמיד, אויפגעכאַפּט נאָך אַ מין שוואַכ־קייט פון „די מענער“ : „זיי פערלירען זייערע קעפּ ווי עס קומט צו עפּעס....“

און טאָקע באַלד איבערדערצעהלט שוין צום הונדערטען מאָל, ווי דער איינענער יונג האָט זיך דערשראָקען, ווען ער האָט צום ערשטען מאָל די מיאזמא דערזעהן, ווי אַזוי ער איז אַריינגעלאָפען אין הויז מיט אַ געשריי: „הערר גאָלדענבאַרג, עמיץ פאָהרט אַרום אין פעלד מיט אַ לאַנטערנע!“ כאַ, כאַ...

— נענוג שוין, גענוג, רחל — האָט הערר גאָלדענבאַרג גענומען זיך בייזערען, — גוט איז דיר, אַז מען האָט דיר דערצעהלט וועגען דער מיאזמא... וואָס איז דאָ צו לאַכען!...

דער פערד־יונג האָט טיעף אין הארצען הנאה געהאַט וואָס מען לאַכט אין הויז: — „עס איז אויסגעגאַנגען צום גלעכטער.“

דבורה האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען ניט צו לאַכען, כאָטש דער פוס האָט איהר זעהר וועה געטאָן, און נאָך מעהר האָט איהר וועה געטאָן פון דעם, וואָס ניט ער — דער יונג, נאָר יאָהאַן האָט זי אַהיים געבראַכט...

אין איהר הארצען האָט זיך גענומען אויפוויקלען עפּעס אַ געפיהל פון עקעל, אַז זי האָט זיך דערמאָנט ווי זי האָט זיך געוויעגט אין יאָהאַנ'ס שויס...

דער הונד אין דרויסען האָט אַ ביל געטאָן.

— מען פאָהרט!

— דער דאָקטאָר!

עס האָט זיך די טיר אויפגעפּראַלט. יאָהאַן מיט דעם דאָקטאָר זיינען אַריין.

עס איז געוואָרען אַ גערודער פון ביינקלאַך, פרוי גאָלדענבאַרג האָט דעם קנויט אין לאָמפּ אביסעל העכער אַרויסגעדרעהט.

דער דאָקטאָר, אַ נידעריגער און גראָבלעכער, מיט גרויסע הענד און פערגרעבטע ברייטע פינגער, איז צוגעקומען גלייך צו דער קראַנקער דבורה.

און ווען ער האָט גענומען אַרומטאַפּען דבורה'ס לינקען פוס מיט זיינע פלאַצינע און מאַסיווע פינגער, זיינען אַלע אַרום געשטאַנען און שטום געוואָרט.

דבורה'ן אָבער האָט זיך פּלוצים געוואָלט אַרויסשיסען אין אַ קייכענ־דען געלעכטער, אַזוי, האָט זיך געדאַכט, מיינט אויך דער פערד־יונג צו טאָן.

יאָהאַן האָט זיך מאָדנע געפיהלט. ער האָט ערשט איצט „דערזעהן" דעם פערד־יונג. און געדאַכט האָט זיך איהם אז ווי באַלד ער זאָל אַזוי אַוועקגעהן, ווי ער האָט זיך ערשט פריהער מיט א ווייל׳ע פאַרגענומען, וועט ער האָבען אַ גרויסען שטיין אין וועג...

ווען יאָהאַנ׳ען פלעגט אויסקומען צו זיין ביי די גאָלדענבאַרגס אין הויז, איז אַט דער אידישער יונג תמיד געוועזען אַן אַפּגעזונדערטער, ניט ווי קיין מיטגליעד אין דער פאַמיליע, און איצטער אָבער האָט דאָס איהם גאַר אַנדערש אויסגעזעהן...

און יאָהאַן האָט זיך אינסטינקטיוו טאַקע געהאַלטען אַן אַ זייט. עס האָט געהייסען אז ער נעמט אַנטייל, אָבער ער אַליין האָט געזוכט עפּעס אַ וועג, וואָס שנעלער צו ענטלויפען פון דעם דאָזיגען הויז. און איין וועג איז געוועזען פאַר איהם, אַז דער דאָקטאָר זאָל וואָס גיכער אָפּפּראַווען זיינע צערעמאָניעס.

עס האָט גענומען דעם דאָקטאָר זעהר פיעל, ער האָט זיך איבערגע־בויגען צו דבורה׳ן און מאָדנע געפּרייכט און געקרעכצט, בעקוקט יעדער אָרט עטליכע מאָל און די בלויע אָדערלעך אין דבורה׳ס ווייס־בלייכען פּוס האָט ער זעהר פּאַרזיכטיג איבערגעקוקט, ווי ער וואָלט זיי וועלען איבערצעהלען.

פון דעסטוועגען האָט ביי יאָהאַנ׳ען נאָך געטאָן אַ בליץ אַ מין פער־לאַנג. — דער דאָקטאָר זעהט אויס צו זיין זעהר ערנסט. אפשר איז טאַקע אַ צובראָכענע פּוס.... פאַר איהם וואָלט עס בעסער געוועזען, און זי דבורה איז אַ יונגע און עס וועט זיך ביי איהר שנעל אויסהיילען, אָבער עס זאָל זיין אַ בראָך.

דער יונג האָט גענומען רעדען צום דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט גאָרניט געזאָגט. נאָר מיט זיין ברייטער דאָלאָניע זיך אַ וויש געטאָן זיין קליינעם שטערען.

דבורה האָט עס בעמערקט און, גאָר פּלוצים, פאַר זיך אַליין געמאַכט אַ פערגלייך; דעם פערד־יונג׳ס שטערען מיט דעם דאָקטאָר׳ס.

און דבורה׳ן האָט זיך גענומען דאַכטען, אַז זי איז די איינציגע, וואָס זעהט אין דעם פערד־יונג עפּעס איין אַנדערען ווי אַלע האָבען איהם ביז איצט געקענט.

## י"ג.

אזוי גיך ווי דער דאָקטאָר האָט געהאט די געלעגנהייט אריינצוכאַפּען דאָס קנאַקעדיגע פינפערל און עס מיט א געמאַכטע נאַכלאַזיגקייט אריינצורוקען אין איינעם פון זיינע קעשענעס, האָט ער געזאָגט:

— גוטע נאַכט, יאה, ווי גאָט איז זיי ליעב, פריילין, נים אַרונטערצוגעהן עטליכע טאָג פון בעט, א גוטע נאַכט!

יאָהאן האָט אויך עפּעס אונטערגעברומט, האָט האסטיג זיין הוט אָנגעטאָן און איז אויך אַרויס.

א שטיק וועג איז יאָהאן געפאָהרען אין איינעם מיט'ן דאָקטאָר. און ער האָט דעם דאָקטאָר דערצעהלט פון זיין העלדישקייט, ווי אזוי ער האָט געפונען די פריילין, און ער האָט דעם דאָקטאָר אויך דערצעהלט אַז די האַנד פון דער פריילין ווערט איהם געגעבען אַלס לוין פאַר זיין העלדישקייט. נאָכדעם האָט יאָהאן פערקירעוועט אָן א זייט און גענומען רייטען אַהיים.

רייטענדיג איינער אַליין, האָט ער זיך געגעבען חשבון מיט וואָס פאַר א רעכט ער האָט דאָס אזוי געמעגט דעם דאָקטאָר זאָגען....

פונדעסטוועגען האָט ער ביי זיך בעשטימט אַז אזוי וועט עס בלייבען. דער פערדיונג איז דאָך א פרעמדער און ער וועט מן הסתם באלד פערביטען ווערען אויף אַן אַנדער יונג. און ער, יאָהאן, איז דאָ אויפגעוואַקסען און וועט דאָ, אויף דער פּרעירי, שטאַרבען... הערר גאָלדענבאַרג ווייסט דערפון און ווייסט אויך וואָס פאַר א בעל הבית ער איז, ניט מעהרער ער קען עס ניט אַרויסווייזען ביי זיין טאַטען. קומט ער אָבער אין בעריהרונג מיט א היינטוועלטיגען מענשען און מיט מאָדערנע איינריכטונגען, וועט ער אַרויסווייזען וואָס ער קען.

הײנט דערצו נאָך דבורה!....

ווען ער איז אַהיים געקומען האָט ער געפונען די קוה שטעהן ביים שטאַהל, דער גרויסער לאַנג־האָאריגער הונט „טאַיג" איז איהם אַקעגן

געקומען און געשפּרונגען אויף איהם. יאָהאַן האָט די קוה אריינגעלאָזען אין שטאַהל, „זי איז געוועזען אין יענעמ׳ס שאָדען", האָט ער אַ טראַכט געטהאָן, „אַ פולען בויך מיט פרעמדענ׳ס שוויים..." ער איז נאָכדעם אוועק אין הויז, וועלכעס איז געוועזען נאָך פינסטערער פון דער נאַכט. זיין פאָטער און ברודער זיינען שוין געשלאָפען ווי דער׳הרג׳עטע.

אויף מאָרגען איז ער אוועק אין שטעדטעל, נאָכדעם ווי ער האָט זיין פאָטער אָפּגענאַרט, אַז ער האָט די קוה געפונען עט שפּעט אין אָבענד צעהן מייל ווייט פון דער היים.

אין שטעדטעל האָבען איהם שוין אַ פּאָאָר חברים אָבגעגעבען „קרעדיט" פאַר זיין העלדישקייט.

עס איז אויך אונטערגעקומען „באָב", אַ לאַנגער, דארער בחור מיט אַ ווייסען ברייט־ברימיגען הוט און מיט לאַנגע שטיוועל אויף זיינע לאַנגע פיס.

„באָב" איז דער געהיימער רעפּאָרטער פון שטעדטעלדיגען בלאַט־צייטונג, און דערפאַר האָט ער אויסגעשטרעקט זיינע גרויסע אויערען און זיך איינגעהערט וואָס די „באָיס" שמועסען.

— האָסט גליק! — האָט איינער געזאָגט.

אַ צווייטער האָט געפרעגט:

— איז זי טאַקע געלעגען צושטרעקט אויף דער פּרעירי?

— פלוצים, איך טו אַ קוק, עס ליגט עמיץ.... — הויבט אָן יאָהאַן אָפּצומאָהלען ווי ער האָט דבורה׳ן געפונען, — איך שפּרינג אַרונטער פון פערד און טו אַ קוק — עס איז דבורה גאָלדענבאַרג׳ס.

— וואָס האָט זי געטהאָן? — פרעגט איינער.

און אַ צווייטער:

— האָט זי זיך דערשראָקען?....

— איך האָב זיך דערשראָקען, — כאַפּענדיג, ווי וועלענדיג עפּעס פערבאָרגען, ענטפערט יאָהאַן, — ניט פון היינט אַז איך רייט אויף דער פּרעירי און גאָר פּלוצים האָסטו דיר אַ מיידעל. און זי טוט אויף מיר אַ קוק — „באָיס", איך זאָג אייך — איך וועל אייביג ניט פערגעסען יענעם קוק.

— און וואָס האָסטו געטהאָן?... — פרעגט איינער.

און אַ צווייטער:

— איך מיין אז האסט עפעס געטהאָן, צו ניין?....

— איך האָב זי אויפגעהויבען פון גראָז, זי האָט זיך ארום מיין האלז איינגעפלאָכטען, — האָט יאָהאַן מיט עקסטאַז דערצעהלט, — „בייר־דזשימיני"! זי האָט מיך שיער ניט דערוואָרגען. מיט איין האנד האָב איך זי ארום איהר גאַרטעל גענומען און מיט דער צווייטער האָב איך זיך אין האָרען פון זאָטעל אָנגעכאַפּט.

— עס האָט געמוזט זיין שווער? —

— ביי מיר שווער, — ריהמט זיך יאָהאַן, — זי איז געוועזען לייכט ווי א פעדער, נאָר איך האָב מורא געהאַט איהר פוס, דעם צובראָכענעם, ניט צו פערצעפּען.

— טאקע צובראָכען איהר פוס, — שטעלט אריין „באָב".

— ניין, עס האָט זיך ארויסגעוויזען נאכדעם אז דער פוס איז גאַנץ.

— א יונג האָט גליק! — זאָגט איינער.

און א צווייטער:

— די גאָלדענבאַרג'ס האָבען דיך, פערשטעהסט זיך, גוט און פיין בעלאָהנט. די אידען זיינען זעהר מילד אין אזוינע פעלע....

יאָהאַן האָט זיך דאַן אוועקגעשטעלט מיט ביידע הענד אין זיינע הויזען קעשענעס און ברייטלאַך געזאָגט:

— קיין לוין, וועלכען מען וועט מיר געבען, וועל איך ניט נעהמען, חוץ איינעם....

— די מיידעל!.... — כאַפּט אונטער „באָב", און טוט א מאָדנעם פאַרדרעה מיט זיינע גרויסע אויגען אין א זייט אריין.

— דאָס וועל איך אַליין מיט מיינע הענד נעהמען, — האָט יאָהאַן געזאָגט. און זיין פּנים האָט זיך פערוויטעלט, — און דאָס איבעריגע וועט שוין קומען, אַליין....

---

אויף מאָרגען, פרייטאג, איז ערשיענען דאָס וועכענטליכע בלאַט פון שטעדטעל, און צווישען די היימישע „טאָפּיקס" איז געוועזען דאָס פאָלגענדע:

„יאָהאַן עלקינס האָט, רייטענדיג אויף דער פּרעירי, געפונען ליגען א גע'חלש'טע מיידעל. ער האָט זי אָפּגעמינטערט און דערקענט אז דאָס איז א מיטגליעד פון הערר גאָלדענבאַרג'ס הויז. זי האָט איהם דערצעהלט

אַז זי איז אַרונטערגעוואָרפען געוואָרען פון אַ בראָנקאָ און פּיהלט אַ וועהטאָג אין אַ פוס. ער האָט זי אין גאָלדענבאַרג'ס הויז אַהיים געבראַכט, און אַלס דאַנקבאַרקייט וועט די מיידעל מיט איהם הייראַטהען... וואו יאָהאַן וועט זיך נאָכדעם בעזעצען ווייסט מען נאָך ניט, נאָר געוויס וועט ער זיין אויף גאָלדענבאַרג'ס ערד, ווייל די גאָלדענבאַרג'ס האָבען ניט קיין חינדער...."

## י"ד.

דאָנערשטאָג איז מען ביי גאָלדענבאָרג'ען אין הויז אויפגעשטאַנען גרייט צום טאָג ארביים.

גאָר אין דער פריה איז דער פערד־יונג אַוועק איבער דער פּרעירי, ער האָט זיך געיאָגט און געיאָגט, ביז ער האָט „קיטי'ן" געכאַפּט מיט אַן איינגעבונדענעם זאָטעל ארום איהר בויך. „קיטי" איז געבראַכט געוואָרען אהיים און דער פערד־יונג האָט זי בעשטראָפט מיט דעם וויכען געפלאָכטענעם בייטש, און זי שטעהט שוין ווייטער אין שטאַהל אַ גוטינקע און אַ קלוגינקע.

מען האָט דעם „איבערבייסען" מיט הייסער שוואַרצער קאַווע פערטרונקען, און נאָך איניגע מינוטען בעראַטהען זיך פון הערר גאָלדענבאָרג מיט אייזיק'ן, און נאכדעם ווי פרוי גאָלדענבאָרג האָט פערזיכערט, אַז דבורה'לע איז אין בעסטען אָרדנונג און זי קען בלייבען מיט איהך אליין, זיינעןביידע מענער ארוים שניידען דעם ווינטער ווייץ.

צו מיטאָג צייט זיינען זיי אהיים געקומען מונטער און דורכגעוועבט מיט זונען און ווייץ קאָלירען.

ביים טיש איז געוועזען פריילאך, מען האָט מיט האַרץ געשלונגען דעם רוהבהאַרב קוכען. דער פערד־יונג האָט בעמערקט:

— אויף רוהבהאַרב אליין וואָלט איך מיין לעבען געקענט אויפ־האַלטען!.... — פון וואָס מען האָט זעהר פיעל געלאַכט.

דבורה האָט זיך גענומען בעטען מיט עקשנות אַז מען זאָל איהר לאָזען אין פעלד אריין.

„זי האָט ליעב צו בינדען ווייץ..."

און אַז מען האָט איהר געזאָגט אַז מען דאַרף ניט בינדען מיט די הענד, די מאַשין וואַרפט שוין ארוים פאַרטיגע גאַרבען. —

— טאָ לאָז זיין אויפצושטעלען די בינטלאך אין די שאָקען...

האָט מען ניט געקענט צוזעהען דעם צער פון דער מיידעל און מען

האָט איהר צוגעזאָגט, אַז קומענדע וואָך שניידט מען די אַלפּאַלפּאַ, וועט זי ארבייטען מיט דעם שארער.

— איך וועל שארען די אַלפּאַלפּאַ ! איך וועל שארען די אַלפּאַלפּאַ !

— האָט דבורה געהאַלטען אין איין זינגען, כאָטש זי האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס איז פאר א מין, אָט די אַלפּאַלפּאַ.

די מענער זיינען אוועק אין פעלד אריין.

די זון האָט געוועבט דאָס אייביגע געוועב פון גינגאָלד פעדעם אויף דער פרוכפּערישער איבערפלעכע פון ערד און וועגעטאציאָן.

עס האָבען די ברויטען קעפּלעך ארויסגעלאָזען, עס האָבען די ברויטען בערדלאך אָנגעהויבען צו שפּראָצען, עס האָבען די ברויטען רייף צו ווערען אָנגעהויבען — און דער ווינטער־ווייץ שטעהט ווי א קעניג צווישען אַלע ברויטען. ער איז דער זקן און דער הויפּט שפּייזער פון דער וועלט.

דער פערדיונג האָט געשניטען מיט דער מאשין און הערר גאָלדענ־באָרג איז נאָכגעגאנגען מיט א צוויי־צעהניגען גאָפּעל און די גארבען אין שאָקען אויפגעשטעלט.

דאָס גאנצע פעלד האָט אויסגעזעהען ווי צוטיילט אין צוויי לאַגערן.

די פארטיגע, אויפגעשטעלטע שאָקען, האָבען אויסגעוויזען, ווי קליינע גאָלדענע הויפענס מיט ענערגי. די אַלע נשמה׳לעך פון איטליכער זאנג בעזונדער האָבען זיך צוזאמענגעבונדען און ליגען איינס אין דאָס אנדערע איינגעפּרעסט ווי איין גאָלדענער הויפען.

אין א צווייטען לאַגער זיינען געשטאנען די איינציגע, נאָך ניט אָבגעשניטענע, הויכע און דינע זאנגען, מיט זייערע בעבערדעלטע לאַנג־ליכע קעפּלאך לייכט און רונד איינגעבויגען, ווי זיי וואָלטען מיט בענקשאפט געקוקט צו זייער מוטער, די שווארצע ערד, און געווארט אויף דער מינוט ווען זיי וועלען פון זייער שטאם אָבגעשניטען ווערען.

וועלכע ווינטען וועלען נאָכדעם בלאָזען אויף זייערע נאקעטע, טרוקענע שטאמען ? און אויף וועלכע ערדען און אין וואָס פאר א לענדער וועלען די קערענדלאך ווידער אויפלעבען ?....

## ט"ו

דאָס איז געוועזען פארנאכט. הערר גאָלדענבארג און אייזיק זיינען אהיים פון פעלד געקומען. אייזיק האָט געפיהרט די פערד און גאָלדענבארג איז געגאנגען ביי זיין רעכטער זייט מיט דעם ליידינגען וואסער־קריגעל איבער זיינע אקסלען.

זייער געשפרעך האָט זיך געדרעהט ארום דעם: „פאר וואָס דער פערדיונג האָט ניט געענדערט זיין פּלאַן?"... און וואָס פאר א צוועק איז דאָס פאר גאָלדענבארג'ען געוועזען ביז איצט צו בויען זיין היים אָט דאָ אין דער ווייטער וועסט?"...

דער פערדיונג האָט געהאלטען זיינע אויגען פאר זיך און גערעדט מיט היטץ:

— געגונג דריי יאָהר. ניט די מיטעל פאר מיין צוועק האָבען מיך דאָ געהאלטען אזוי לאנג. ניין! ערשטענס, האָב איך אייער הויז זעהר ליעב בעקומען, און איך האָב ניט געקענט קומען אויסכאפּען מיינס און אנטלויפען. איך האָב געוואָלט, אז עס זאָל פון מיין זייט אָט־אָ־דאָ בלייבען עפּעס... צווייטענס איז ביי מיר געווען אן אנדער מיין, איך האָב געוואָלט זעהן צו קען איך ביישטעהן דעם נסיון.

— איך פערשטעה ניט, ווען איהר פאָהרט גלייך פון וואנען איהר זייט צום ערשטען אָבגעריסען געוואָרען, — האָט גאָלדענבארג געזאָגט.
— איהר פערשטעהט, איינמאָל אויסגעריסען א בוימעלע פון זיין ערד.... אָבער איצט וועט שוין זיין שווער.

— דאָס איז מיר אינטערעסאנט, איך וועל זעהן צו עס וועט מיר זיין שווער.

— קינדיש, קינדיש! ווילט איהר א היים בויען, וואו איהר זאָלט קענען אומעדום טרעטען מיט אייערע פיס און זאָגען: „עס איז מיינס!" איז נישטאָ קיין זעהר גרויסער דיפערענס וואו עס זאָל ניט זיין, דאָ אָדער אין אייער פּאלעסטינא.... פארקעהרט, דאָ האָט איהר מעהרער

גוטע שאַנסען... ערד, א פרוכטבארע, איז צו בעקומען. היינט די מאשינען און געמערק....

— ביי מיר איז יאָ דאָ א גרויסער, א גאָר גרויסער דיפערענס, — האָט אייזיק כמעט ווי אויסגעשריען דעם וואָרט „דיפערענס".

— מיט וואָס?

— פרעגט ביים אַלטען עלקינס.

— וואָס האָט ער צו זאָגען אויף מיין היים.

— אָט, אָט, ער זאָגט עס עפּעס זיכערער: „אָט דאָ וואו איך טרעט איז מיינס!"....

— זאָגט אויך זיכער, ווער לאָזט אייך ניט.

— פון מיר איז אָפּגערעדט. איך וועל עס ניט זאָגען, ווייל איך פיהל, אז עס וועט ניט זיין געזאָגט....

אייזיק האָט נאָך געהאַט אייניגע טיעפערע ארגומענטען, אָבער ער האָט ניט געוואָלט אָנריהרען א וואונד אין הערר גאָלדענבארג'ס נשמה...

נאָר אז עס איז געקומען פרייטאג פארנאכט, און אייזיק האָט, ווי תמיד, די שנייד־מאשין פון פעלד אויף שבת אהיים געבראכט און זי אין דעם מאשין־הויז ארייגעשלעפּט, האָט ער מיט זיך אליין געטראכט, אז אזוי וועט ער זיך פיהרען דאָרט...

אין פּאַלעסטינא וועט עס האָבען א טעם: אין די רוהע־טעג זאָלען רוהען אויך דיינע בהמות און אויך דיינע מאשינען....

ביי אַלעמען ארום און ארום וועט עס אויך אזוי זיין.... אָבער דאָ האָט עס ניט קיין זין. איינער און איינציגער אויף אזא ווייטער פּרערי, און אז עס קומט שבת לאָזט מען איבער א קליין שטיקעל ווייץ ניט דערשניטען....

„גוט איז איהם, וואָס ער האָט ניט קיין קינדער, האָט אייזיק ווייטער געטראכט, ווי צוויי פרושים זיינען זיי אָט א דאָ פערוואָרפען..... און וואָס איז א היים אָהן קינדער?..... און ווי קען זיין א היים אָהן א סביבה?!...."

---

הענריק עלקינס האָט זונטאג געלעזען די „גלאַדסטאָנער פּרעסס" און אויסגעפונען אין די טאָפּיקס וועגען זיין ברודער יאָהאַן און דאָס מיידעל דבורה גאָלדענבארג'ס.

אַ שלעכט אויג האָט ער נעהאַט אויף זיין ברודער פון תמיד, האָט ער איצט אויף איהם אַנגערעדט צו זיין פאָטער, דעם אַלטען עלקינס...

דער אַלטער איז געוואָרען אַן אַנגעצונדענער:

— צו אַלע ניין און פערציג טייוואָלים! מיט וועמען האָט ער עס אַנגעהויבען!.... איך האָב געוואוסט אַז קיין גוטעס וועט פון זיין חבר'שאַפט מיט דעם אידען ניט אַרויסקומען!... איך וועל זיך דאָך שעהמען מיין פּנים אין גלאַדסטאָן אַרוים צו ווייזען!....

יאָהאַן איז דאַן געוועזען אויפ'ן הויף און נעפּוצט זיין פערדעל מיט'ן קעמעל און באַרשט.

דער אַלטער איז אַרוים צו איהם, אין זיין האַרץ האָט עפּעס אַ הייזעריגער כעס געזאָטען. ער האָט זיך צוריק נעקעהרט אין הויז אַריין, נאָך אַמאָל איבערגעפרעגט הענריקען:

— ווי איז דאָס געוועזען, זאָגסטו?!

— זי איז געלעגען אין פעלד, האָט זי יאָהאַן געפונען און אַהיים געבראַכט, און דערפאַר בעקומט ער די מיידעל אַלס זיין ווייב און לאַנד פיעל דערצו....

דער אַלטער איז וויטער אַרוים אין דרויסען, מיט זיין „דזשימי־פּייפ" אין מויל, האָט פאַרלייגטביידע הענד אויף הינטען, און ווי אַ קאַץ צו אַ מויזען־לאָך, איז ער מיט שטילע, קליינע טריט צוגעגאַנגען צו זיין זוהן יאָהאַן, און פלוצלונג אויסגערופען:

— גוטער מאָרגען, הערר יאָהאַן!

יאָהאַן האָט תמיד ניט געמאַכט קיין סך רייד מיט זיין פאָטער, און איצט, אַז ער האָט דערפיהלט די סאַטירישע ווענדונג, האָט ער זיך אפילו ניט אומגעקוקט צו איהם.

האָט דער אַלטער אַ שטויס געטאָן זיין זוהן אין פּלייצע:

— איך זאָג אייך גוטען מאָרגען, גנעדיגער הערר!

יאָהאַן האָט זיך אַ האַסטיגען דרעה געטהאָן מיט זיין גאַנצען דינעם און שלאַנקען גוף:

— נאָר ניט געשטויסען, פּאַפּ! איך וויל ניט מען זאָל מיך שטויסען אין פּלייצע!

— הא, הא, שוין בעקומען פליי אין דער נאָז!

— מעג זיין פליי, אָבער איך וויל ניט מען זאָל מיך שטויסען!

— ניין און פערציג טייוואלים זאלען דיך שטויסען, הערסט ! — שרייט אוים דער אלטער, אויפהויבענדיג זיין רעכטע האנד מיט א הארטען פויסט צו יאהאנ׳ס פנים, — איך וועל דיר ווייזען צו זיין א העלד און זיך איינצוקויפען אין אידען׳ס הויז אריין....

— איך ווייס ניט וואס איהר רעדט, פאפ, און גלויב אז איהר אליין ווייסט אויך ניט פון וואס איהר רעדט און ———

— שוייג ! איך צוברעך אין דיר א יעדען ביין !

— האפ ! — טוט יאהאן א מאך צו זיין פאטער, אקוראט ווי ער וואלט אבשטעלען א צואווילדעטען פערד.

— „האפ" זאגסטו, — האט דער אלטער אויסגעגלאצט זיינע גרויע אויגען, און די גרויליכע לאנגע ברעמען האבען זיך אויסגעשפיצט, — „האפ" זאגסטו ? !....

און עלקינס האט אנגעכאפט זיין זוהן מיט ביידע ברייטע הענד ארום האלז און איהם אנגעהויבען טרייסלען אהין און אהער.

יאהאן האט אוועקגעווארפען דאס קעמעל און די בארשט. זיין פנים איז געווארען פלאם־פייער, און מיט איין האנד האט ער זיך אנגע־כאפט אין זיין פאטער׳ס צוקנעפעלטען העמד, פון וואנען עס האט ארויסגעשטעקט עלקין׳ס בעוואקסענער ברייטער און פלאטשיגער האלז און א שטיק פון זיין ברוסט־ביין.

א וויילע האבען זיך פאטער און זוהן גראנגלט.

און יאהאן האט מיט דער הילף פון זיין לויזער האנד זיין פאטער צו דער ערד אוועקגעלעגט און איז אליין אויך נאכגעפאלען.

פון אנפאנג איז יאהאן געוועזען פון אויבען. אבער אין א ווייל ארום איז שוין עלקינס געלעגען אויף זיין זוהן, ווי א שפין אויף א פליג, מיט זיינע ברייטע גראבע פים צושפרייט און איינגעגראבען אין דער גראזיגער ערד און מיט זיינע הענד האט ער אלץ פעסט געהאלטען זיין זוהן ארום גלאטען ווייסען האלז, און פון זיין ברוסט איז אלץ ארויסגעקומען א הייזעריג געבייזער :

— כ׳ל דיר ווייזען ווי זיך איינצוקויפען אין א הויז פון א טייוועל א אידען !.... מיין פנים וועל איך ניט קענען ווייזען אין גלאדסטאן !....

יאהאנ׳ס פערדעל איז זיך געשטאנען א צוגעבונדענער צו א סלופ און געקוקט, און האט זיך איטליכעס מאל געפרובט אפרייסען, בעפרייען

פון סלופּ און האָט ניט געוואגט א שטארקען שלעפּ טאָן מיט זיין האלז...
דער הונד „טאיג" איז אנגעלאָפען און זיך צולאָזען אין א מורא'דיגען
קייכיגען בילען.

דער הונד איז געשפּרונגען דאָ צום אלטען עלקינס און דאָ צו
יאָהאנען, ווי ער וואָלט זיי ווען צורייסען, און ווייטער געבולען, און איז
אוועק צום הויז.

הענריק איז ארויס א קוק טאָן צו עס קומט עמיץ פון וועג, און ער
האָט דערהערט דאָס הייזעריגע קול פון זיין פאָטער. ס'האָרץ האָט
איהם א זאָג געטאָן אז עפּעס מוז דאָרט זיין. ער איז אוועק, דער הונד
לויפט פון פאָרענט און בילט. הענריק האָט די סצענע דערזעהען פון
ווייטען, און א דערשראָקענער איז ער צוגעלאָפען, און זיך גענומען בעטען
ביים פאָטער: „פּאַ, פּאַ, פּאַ!" — עס האָט ניט געהאָלפען.

איהם האָט זיך געדאכט, אז זיין ברודער יאָהאן איז בלייך ווי א
טויטער, און באלד נאָך א מינוט און זיין פאָטער וועט יאָהאנען דער־
ווערגען, און אלץ צוליעב איהם איז דאָס אלעס געשעהן. ווען ער זאָל ניט
געווען דערצעהלען זיין פאָטער, וואָלט דאָך געווען גוט.

עס איז איהם באלד ארויף אין געדאנקען אלעס וואָס ער האָט געהאט
געגען זיין ברודער יאָהאן. די שווערסטע ארבייט און די שמוציגסטע
מוז ער טאָן. יאָהאן פאָהרט זיך תמיד ארום ווי א ספּאָרט אויף זיין
פערדעל, יאָהאן האָט אלע שעהנסטע מיידלעך אויף דער פרעירי, יאָהאן
וויל נאָר ניט טאָן אין פעלד, ניט אין שטאהל, ניט אין הויז, זינט די
זעליגע מוטער איז אוועקגעגאנגען אויף יענער וועלט... און איבער הונדערט
און צוואנציג יאָהר, אז דער פאָטער וועט צומאכען מיט זיינע אויגען,
וועט יאָהאן קומען צום גרייטען. ער איז קלוג און וועט שוין וויסען ווי
זיך צו פיהרען; וועט איהם, הענריק'ן, גאָר אין גאנצען ארויסשטופּען...

נאָר פון דעסטוועגען האָט ער א קוק געטאָן אין יאָהאן'ס בלייכען
פּנים און ער האָט זיך איינגעבויגען און אָנגעהויבען צו שטופּען זיין
אייגענעם קערפּער צווישען דעם פאָטער און יאָהאנען.

עס איז איהם אָבער ניט געלונגען זיי פאנאנדערצונעמען.

דאַן האָט הענריק זיך נאָך אמאָל אָנגעהויבען צו בעטען ביי זיין
פאָטער:

— פּאַ, פּאַ, פּאַ!

דערוויייל האָט יאָהאַן מיט זיינע לעצטע כחות געבריקעט מיט זיינע פיס אין פאַטער'ס בויך אריין, און וואָס מעהרער ער האָט געבריקעט זיין פאַטער, אלץ פעסטער און מיט מעהר כעס האָט איהם דער פאַטער געוואָרגען.

הענריק האָט א טראַכט געטאָן, איז אוועק אין שטאַהל און באלד צוריקגעקומען, און מיט פערביסענע ליפען צווישען זיינע ציינער, האָט ער גענומען שמייסען מיט א לאַנגער, ווייכער בייטש זיין פאַטער איבער'ן קאָפּ.

---

עטליכע טאָג נאָך יענעם אינצידענט, זיינען אַלע דריי, דער אַלטער עלקינס און זיינע זיהן הענריק און יאָהאַן, ארומגעגאַנגען ווי פרעמדע, ניט גערעדט און ניט געקוקט איינער צום אנדערען.

דער אַלטער עלקינס איז געוועזען אין שטעדטעל, און עס איז איהם אויפ'ן וועג איינגעפאַלען ארויסצולאָזען א קלאַנג אין שטעדטעל, אז ער פערקויפט זיין פּלאַץ און פיהרט זיך אריבער קיין קאַנאַדאַ.

ער האָט זאָגאַר געשמועסט מיט דעם „ריעל־עסטייט" אגענט, אז וויבאַלד עס וועט זיך טרעפען א קונה מיט פופצעהן טויזענד דאָלאַר, וועט ער איהם זיין פּלאַץ אוועקגעבען מיט אַלעם און איטליכעם.

צוריק פאָהרענדיג אַהיים, האָט ער זיך געטראַכט: סאַי ווי סאַי מוז מען מאַכען פּלויטען. היינטיגע וועלט וויל נאָר פּלויטען! אמאָל איז געוועזען פריי, מען האָט ניט געדאַרפט וויסען וואו עס גרענעצט זיך איינעמס פעלדער. היינט וויל מען פּלויטען...

אין קאַנאַדאַ וועט איהם זיין אַזוי גוט ווי דאָ. אומעדום, וואו עס איז נאָר דאָ א קריסטליכע נשמה דאַרף מען ניט קיין פּלויטען....

און עלקינס איז גאָר געוואָרען אַן אנדער מענש. ער פלעגט זעהר פיעל רויכערען, איינס נאָך דאָס אנדער.

דער הויף איז איהם שטאַרק נמאס געוואָרען און האָט איהם אָנגע־הויבען צו פערדריסען. שוין אריבער פינף און צוואַנציג יאָהר אז עס וואַלגערען זיך דאָרטען ארום אַלטע וועגענער, צובראָכענע רעדלאָך און שטעקעלעך פון אַלטע פערראָסטעטע מאַשינען.

דער שטאַהל איז איהם אויך נמאס געוואָרען, און ביי די חזירים פלעגט ער ווערען נערוועז, און ס'רוב ווערען אין כעס און אָנכאַפּען א

חזיר׳ל ביי איין אויער און עס דרעהען אין דער לופטען. און ווען ער האָט זיך אליין געפרעגט וואָס ער טוט, האָט עפּעס אין איהם געענטפערט:

— עט, ווינציגער מיט א חזיר׳ל דעם פרעמדען רוח!

זיינע ברויטען האָט ער פערלאָזען, און זיי זיינען איצט, נאָך מעהר ווי תמיד, פערפיקעוועטע געוואָרען מיט ווילדע קרייטעכער. אייניגע שויבען פון די פענסטער פון זיין הויז האָט דער האַגעל אויסגעקלאַפּט, האָט ער זיי מיט אלטע זעק פערשטעקט, וואָס עס האָט דער הויז צוגעגעבען איין אָבגעלאָזענעם ווילדען אויסזעהען.

און גערעכט האָט ער זיך געגעבען:

— ניין, איך וועל ניט דערלאָזען אידיש בלוט אין מיינע דורות אריין!....

ער איז נאָך מעהר פוילער געוואָרען, און פלעגט זיך לעגען שלאָפען פריה אין אָבענד און אויפשטעהן שפּעט אויפ׳ן מאָרגען. די קיה פלעגען רעוועט פון הונגער אין שטאַהל. די חזרים פלעגען מאַכען געוואַלדען און די פערד פלעגען קלאַפּען אין די דילען פון שטאַהל מיט זייערע פיס.

— זאָל שוין קומען דער קונה! — איז געוועזען דער איינציגער געבעט, וואָס דער אלטער עלקינס פלעגט מורמלען אויפשטעהענדיג און ליינענדיג זיך....

און צו זיין פערטרויאונגס זוהן, הענריק, האָט ער אַזוי איינמאָל געזאָגט:

— אין קאַנאַדאַ איז נאָך דאָ און דאָ א סך לענדער, וואָס דער טייוועל האָט נאָך ניט אָנגעריהרט.... איך וויל שוין מעהר ניט טאָן נאָרניט. איך וועל זיצען אין הויז און רויכערען. דו האָב חתונה, בעזעץ זיך דאָרט אויף א שטיק ערד און הויב אָן דיין וועלט.... פּופּצעהן בעשעלס ווייץ קען מען אַרויסבעקומען פון דעם קאַנאַדער אַקער ערד. דאָ איז די ערד שוין אָרים ווי דער טויט און מען דאַרף זי נאָך בעפּוצען מיט פלומען....

— און יאָהאַן? — האָט הענריק אַריינגעשטעלט מיט א ניט־זיכערען טאָן.

— יאָהאַן.... דערמאָן מיר ניט זיין נאָמען! זאָל ער דאָ בלייבען. דערמאָן איהם ניט!....

הענריק האָט אפילו הנאה געהאַט פון דעם וואָס זיין פאָטער וויל

ניט מען זאָל דערמאָנען יאָהאַן'ס נאָמען, אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם וואָס זיין פאָטער שאַרט איהם אונטער צו בויען זיין אייגענע וועלט און חתונה האָבען.... ער האָט גאָר ניט געוואוסט פון וואַנען מען הויבט אָן פריהער,. גאָר ניט, אָט אזוי עס זאָל זיך געהן ווי עס איז געגאַנגען ביז איצט, וואָלט געוועזען גוט. ווי אזוי הויבט מען אָן אַן אַנדער מין וועלט?....

יאָהאַן איז ארומגעגאַנגען אין הויז, ווי א קלוגע קאַץ, ווען זי האָט עפּעס אָבגעטאָן ביים טעפּעל מיט דער סמעטענע, אלעמען אויסגעמידען דעם וועג, זעהר ווינציג געשלאָפען און איז זעהר פיעל ארומגעפאָהרען רייטענדיג איבער דער פרעירי און אין שטעדטעל. צו די גאָלדענבארג'ס אין הויז האָט ער עפּעס ניט געקענט קומען.

ער האָט געפיהלט אז ער האָט דאָ עפּעס פערקאָכט.... ווי אזוי זאָל ער זיך ווייזען פאַר דבורה'ן אין די אויגען. וועט זי איהם ניט ארויס־וואַרפען פון הויז?....

א סך מאָל האָט ער זיך געלאָזען פאָהרען צו גאָלדענבארג'ס הויז. זאָל זיין וואָס עס וויל זיך! און ניט אויסגעפיהרט זיין פּלאַן.

פון רעסטוועגען האָט ער געוואַרט אויף א גוטער געלעגענהייט.

## ט"ז.

דער שבת איז ביי די גאָלדענבאַרג'ס אין הויז אוועקגעגאַנגען זיין געוועהנליכען אומעטיגען און איינזאַמען וועג.

פרוי גאָלדענבאַרג האָט אָנגעגרייט ווייסע ברויט געפילט מיט ראָזינקעס, און אַלערליי מאכלים פון איהר אייגענעם גאָרטען (זי פלעגט זיין שטאָלץ אויף איהר אייגענעם גאָרטען, איבער וועלכען זי אַליין פלעגט פון צייט צו צייט ארבייטען.; זי האָט אויך אָנגעגרייט עטליכע פליישען, ווי געבראָטענע ברוסט, געקאָכטע ריפען און א געפילטע הוהן מיט מעהל און שמאַלץ.

הערר גאָלדענבאַרג און דער פערד־יונג זיינען געווען פערנומען א גאַנצען אין דער פריה מיט לייכטע קלייניגקייטען ארום הויז, שטאַהל און הויף.

דבורה האָט געלעזען די צייטונגען און זשורנאַלען. און קומענדיג איבער דעם נאָטיץ אין דער גלאַדסטאָנער צייטונג, איז זי פריהער גע־וואָרען בלאַס, און באַלד האָט זי אָנגעהויבען צו פיבערן מיט איהר גאַנצען קליינעם קערפּער.

עס איז איהר נאָכאמאָל אויפגעקומען די זעלבע מיאוסקייט, וועלכע זי האָט געפיהלט די גאַנצע צייט פון איהר ליגען אין יאָהאַן'ס שויס, ווען ער האָט זי פון דער פרעירי אַהיים געבראַכט.

זי האָט געוואָלט א רוף טאָן צו איהר מוהמען, נאָר אזוי ווי זי האָט דעם געפיהל פון מיאוסקייט געהאַלטען פערשלאָסען אין זיך, און געוואוסט האָט זי, אז אויב זי וועט עס דער מוהמען דערצעהלען, וועט איהר אַליין, דבורה'ן, נאָך מעהרער ניט־גוט ווערען אויפ'ן הארצען, האָט זי דערפאַר געטראַכט, אז פאַר איהר איז בעסער דאָס אין זיך אַליין דערשטיקען, און אָט דעם קליינעם נאָטיץ, וואָס יאָהאַן האָט אין צייטונג אריינגעגעבען, מוז זי אויך פערניכטען. קיינער אין הויז זאָל דערפון ניט וויסען. און זאָל ער קומען נאָך איהר האַנד!

זי האָט דעם נאָטיץ פון צייטונג אַרויסגעריסען און איהם אין קליינע פּיצעלעך צופליקט.

— אַ העלד! — האָט זיך דבורה געטראַכט, ווערענדיג בלאַס פון אי־נערליכער אויפרעגונג, — ווען זי זאָל ניט געוועזען זיין אַזאַ נאַר, וואָלט זי בעדאַרפט אין מיטען וועג אַרונטערשפּרינגען פון זיין שויס און אַליין אוועק אַהיים!....

און נאָכדעם, אַז איהר אָנקעל האָט זיך גענומען בלעטערען אין די צייטונגען, האָט זי געציטערט ווי אַ פיש, ער זאָל ניט קומען איבער יענעם אָרט וואו זי האָט אויסגעריסען דעם נאָטיץ....

עס איז, צו איהר גליק, אַלעס אַריבער גלאַט.

מען האָט, ווי געוועהנליך, אָבגעגעסען דעם מיטאָג.

דער פערדיונג איז אַוועק אין זיין צימער זיך אויסרוהען.

הערר גאָלדענבאַרג מיט דער פרוי זיינען אַוועק אַ קוק טאָן אויף דעם ווייץ אין די שאָפען. זיי האָבען אַפריהער געפרעגט ביי דבורה'ן צו זי וועט ניט האָבען דאַגעגען צו בלייבען איינע אַליין. דבורה האָט זיך מחיה געוועזען מיט דעם וואָס זי וועט קענען בלייבען איינע אַליין — „פאַר וואָס ניט, געהט געזונטערהייט!"...

ווען מאַן און ווייב זיינען אַרויס אין פעלד, האָט זיך די פרוי גאָלדענבאַרג אָנגערופען צום מאַן:

— עפּעס איז דבורה אַזוי בלאַס, בעמערקסט?....

— אַ קלייניגקייט אַזאַ וועהטאָג! און דערשראָקען זיך אויך.

— ניט דאָס מיין איך. עפּעס איז זי בלאַס... האָסט ניט געזעהען מיטוואָך אָבענד, אַז דער פערדיונג איז אַריין, ווי זי איז מיט אַ פרייד אַרונטער קעגען איהם.... זי האָט גאָר פערגעסען אין איהר פוס....

— זאָל זיין מיט גליק.... מען דאַרף אָבער פריהער אַ פרעג טאָן ביי דער שוועסטער.... אפשר וויל זי דבורה'ן אָפּנעמען אין שטאָדט אַריין.

— ווער וועט זי לאָזען צונעמען פון מיין הויז....

— זיי וואָלטען אונזער הויז בעציערט מיט פרייד. אָבער....

— וואָס? — פרעגט רחל ווי אָנגעשראָקען.

— אָבער אייזיק האָט זיין בעשלוס נאָך ניט געענדערט.

— ער וויל מאַקע אַוועקגעהן. איך האָב געמיינט, איצט אַז עס איז דאָ אַזאַ מיידעל אין הויז....

— ער זאָל נאָך ניט מיטשלעפּען דבורה'ן....

— געה שוין, געה, איך וועל מיט איהר אַ רעדט טאָן, — און זי וועט שוין אַלעס ביי איהם פּועל'ן.

— און זיי וועלען זיך ליעב האָבען, און זיי וועלען אַ קינד האָבען,

— האָט רחל ווי אויסגעזונגען, — וועל איך זייער קינד ליעב האָבען, ווי עס וואָלט געוועזען אונזער טאָכטער'ס אַ קינד....

— קענסט זיך נאָך אָנשמעקען מיט דעם און אויך....

— איך שוין ניט....

— ביזט נאָך יונג גענוג!

— איך שוין ניט.... מיין צייט איז שוין אַוועק מיט דעם ווינד.... איך וואָלט שוין בעדאַרפט האָבען ערוואַקסענע קינדער און צוקוקען ווי זיי לעבען....

— רייד ניט אַזוי, נאַרעלע, עס איז ביי גאָט אין די הענד. אַלעס האָבען מיר מיט אונזערע אייגענע הענד זיך גענומען, און די איינציגע זאַך האָט גאָט פערקוקט.... עס קען נאָך קומען....

— און עס וועט שוין ניט קומען.

— ווערסטו זעהן.

— זאָל דער פערדיונג זעהן ביי דבורה'ן....

— און אַז דבורה'לע וועט דיר דערצעהלען דעם ערשטען סוד?...

— וועל איך זי אַ קוש טאָן.

פרוי גאָלדענבאַרג'ס פּנים האָט זיך גערויטעלט און זי האָט טבוי־מעריש ווייטער געצויגען:

— איך'ל זי קושען און זי היטען, אַז זי זאָל קיין שווערע זאַכען ניט טאָן. זי וועט ביי מיר די שוועל פאַמעלינקע אַריבערטרעטען....

— איך זאָג דיר, אַז דו וועסט זיך אָננעמען מיט דעם... האָבען זיך אונזערע היילינגע מוטערס פון חומש דען ניט אָנגענומען פון אַנדערע ווייבער....

— היינטיגע צייטען האָב איך נאָך ניט געהערט אַז אַ פרוי פון אַריבער פערציג זאָל — — — —

אַזוי רעדענדיג, זיינען זיי צוגעקומען צום פעלד, וואו דער ווייץ איז געשטאַנען איינגעהילט אין גאָלד, איין שאָק נאָכ'ן אַנדערן.

— זינט די וועלט איז אַ וועלט האָט נאָך קיינער אזוי גוט נים געשניטען, — האָט הערר גאָלדענבאָרג בעמערקט.

— הערסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגען, — זאָגט רחל, ווי זי וואָלט זיך פּלוצים דערמאָנט אין אַ זעהר וויכטיגער זאַך, — אָט דער אייזיק איז אַ גוטער ארבייטער, נאָר מיר געפעלט ער נים. ער איז אַ „קריינק“.

זי האָט נאָך געוואָלט ריידען, נאָר עפּעס האָט הערר גאָלדענבאָרג אַ מאָדנעם קוק געגעבען אויף איהר, און זי האָט גענומען נעהן נאָך איהם און געשוויגען.

## י"ז.

נאכדעם ווי דבורה איז אַרונטער פון בעט, האָט זי אָנגעהויבען צו פיהלען אַן אנדער מין אינטערעס אין דעם לעבען אויף איהר אָנקעל'ס פּרעידי. זי האָט זיך גוט אַריינגענומען אין מח איהר מוהמעס ווערטער: „אַז דער, וועמען אַ פערד ווארפט ניט אַרונטער, איז גאָר קיין רייטער ניט". און זי האָט זיך פון פערדיונג אויסגעלערנט ווי אָנצוזאָטלען אַ פערד, און ניט אַכטענדיג, וואָס „קיטי" האָט זי איינמאָל אַרונטערגע־וואָרפען, פלעגט זי דוקא נעמען „קיטי'ן" און זי אָנזאָטלען און אָפט אַרויסרייטען.

רייטען פלעגט זי אין פעלד אָהן אַ צוועק, און אָפט אַזוי אָפּרייטען אַ פּאָר מייל און זיך אַליין כאַפּען אַז זי איז שוין ווייט פון דער היים. „און וואָס האָב איך געטראַכט: פון גאָר ניט!.." עס איז איהר אָבער גוט געוועזען צו רייטען און צו טראַכטען. פלעגט זי עס טאָן אָפט און נאָר מיט „קיטי'ן", ווי זי וואָלט וועלען ווייזען דעם דאָזיגען פערדעל, אַז זי האָט ניט מורא פאַר איהם.

און דער פערדיונג, אייזיק, האָט איהר אין דעם געהאָלפען:

— זאָלסט ניט שרייען ווען דו זיצסט רייטענדיג אויף אַ בראָנקאָ־פערד. נור איין שפּראָך ווייסט דער פערד: גיב איהם אַ ריִיב מיט ביידע פיס אין די פלאַנקען!..." — פלעגט ער איהר געבען צו ערקלערען מיט זיין בעדייטפולען, פעסטען טאָן, און דערביי ווי זיך געבייזערט.

דבורה האָט ניט געגליכען דעם „בייזער", און זיין טאָן, ווי אויך אייניגע אנדערע מאַניערען זיינע.

צום ביישפּיעל, ווען דער פערדיונג פלעגט לאַכען, האָט ער עס געטאָן ווי עס וואָלט דונערן אין די הימלען.

זי האָט פיינט געהאַט צו קוקען אויף זיין פערוואַקסען, האָריג פּנים, און ער פלעגט, ווי טראָץ עמיצען, זיך אָפט ניט גאָלען. עס פלעגט אַמאָל

אוועק עטליכע וואָכען און זיין פּנים פלעגט בעוואַקסען ווערען מיט אַ געדיכטען שווארצען בערדעל.

דבורה האָט איינמאָל געמאַכט אַ שמועס מיט דער מוהמען איהרער פון דעם, און עס האָט זיך אויסגעלאָזען:

— הערסט, — האָט די מוהמע געזאָגט, — מענער זיינען אַ סך שעהנער מיט אַ באָרד ווי מיט אַ גלאַטען פּנים.

דבורה האָט ניט געהאַט און ניט געוואָלט עפּעס זאָגען געגען דער מוהמע'ס מיינונג. יענע קען נאָך בעמערקען, אַז זי רעדט צופיעל וועגען דעם פערדיונג'ס חסרונות.

און זי האָט זעהר ניט געוואָלט אַז מען זאָל איצט ענטפּלעקען די געפיהלען, וועלכע האָבען זיך ערשט אָנגעהויבען צו אויפוויקלען אין איהר האַרץ.

דערווייל האָט זי זיך אָנגעהויבען מעהר אריינקוקען אין דעם פערדיונג'ס בעוועגונגען. און זי האָט אויך דערפיהלט אַ נייגונג צוצוטרעפען זיינע פערלאַנגען:

דעם זאָמעל האָט זי אויפגעהאַנגען תמיד אויף דעם אייגענעם פּלאַץ, וואו זי האָט עס גענומען, און אַז זי פלעגט אַרונטערנעהמען דאָס צווייטעל פון „קיטי'ן", פלעגט זי די לייצעס אַזוי פערבינדען אין די צוימענרינגען, ווי אייזיק האָט עס איהר איינמאָל געוויזען צו טאָן.

און גליקליך האָט זי זיך געפיהלט, אַז איהר טאַנטע האָט איהר געהייסען דאָס צימערל, וואו דער פערדיונג פלעגט שלאָפען, אויפצוראַמען.

זי האָט שוין די ליילעך אויף זיין בעט אַזוי גלאַט פערצויגען און דאָס קישעלע אוועקגעלייגט אַזוי, אַז עס זאָל איהם זיין ניט שטאַרק הויך צו קאָפּענס און ער זאָל קענען אויסרוהען זיינע אָנגעהאָרעוועטע ביינער.

און נאָכדעם ווי זי איז געוועזען עטליכע מאָל אין זיין צימערל, האָט זי זיך דערוואוסט פון דעם באָרג ביכער, וועלכע זיינען דאָרט געלעגען אין אַ ווינקעל אויפ'ן דיל אָנגעוואָרפען, אַז ער איז ניט אַזוי פּראָסט און פערגרעבט, ווי ער קוקט אויס.

האָט זי זיך גענומען מעהרער אינטערעסירען מיט איהם, וואָס ער טוט אין די אבענדען.

באַלד נאָכ׳ן עסן, כמעט יעדן אבענד, עס מעג זיין „געדונערט און געבליצט“, פערנעמט ער זיך אין זיין צימערל אריין.

דבורה פלעגט פאר איהם שוין אָנגיסען א פולע לעמפּעל מיט קעראָסין און אלע אין דער פריה איז דאָס געוועזען ליידיג. האָט זי פערשטאַנען, אז ער לערנט אָדער ער לעזט זיינע גראָבע ביכער.

זי האָט ניט געוואָלט ריידען דערפון מיט איהר טאַנטע, ווייל די לעצטע האָט איהר אמאָל געזאָגט, אז דער פערדיונג איז א מענשען־האסער.

— א מענש ווייסט נור זיין צימערל....

— ווי קען אזעלכער פיינט האָבען א מענשען, — טראכט זיך דבורה, — אז ער האָט אפילו די פערד ליעב?...

נור ריידען טיעפער וועגען דעם ענין מיט דער טאַנטע האָט זי ניט געקענט.

און עס האָט זיך דבורה׳ן גענומען דאכטען, אז ביי איהר האָט זיך אָנגעקליבען אזוי פיעל צו ריידען, אָבער אַלץ אזעלכעס וואָס זי וואָלט עס נור איהם אליין געקאָנט דערצעהלען. און דערפאר האָט זי געקראָגען א חשק צו די זעלבע ארבייטען וואָס ער פלעגט טאָן.

הערר גאָלדענבאַרג׳ן האָט עס געשמייכעלט, וואָס זיין שוועסטער׳ס מיידעל פון דער שטאָדט האָט זיך צוגעוואוינט צו דער פּרעירי, און ער האָט זיך אין דער שטיל מיט זיך אליין געטיילט מיט דער שמחה און אויס־געליינט פּלענער פאר איהר צוקונפט מיט דעם פערדיונג.

און ער פלעגט נאָך אונטערגעבען מוטה און פערשטאַרקערען די געלעגענהייט אז זיי זאָלען זיך טרעפען אָפט אליין אויג אויף אויג אין פעלד. און אז מען האָט געשניטען די אַלפאַלפאַ, איז דבורה אויך ארויס ארבייטען מיט דעם שאַרער.

זיי זיינען געבליבען אויג אויף אויג.

נאָך יעדען ראַנד ארום דעם פעלד איז דער פערדיונג געבליבען שטעהן אויף אָפּצורוהען די פערד, די מאַשין אָנצועהלען, און די שנייד־מעסערלעך מיט קאַלטע וואסער צו בעוואַשען פון דעם דונקעל־גרינעם אָנגעפּאָפּעכץ.

דבורה האָט זיך אויך אָבגעשטעלט מיט דעם שאַרער ביי דעם איינגענעם ברעג פון פעלד, וואו דער פערדיונג פלעגט זיך אָבשטעלען, און אזוי פלעגען זיי זיך איבערוואַרפען מיט אָפּגעריסענע ווערטער.

ביידע האָבען געהאַט זעהר פיעל אויף זייערע הערצער.

און דער פערדיונג איז שטאָלץ געוואָרען וואָס דבורה העלפט איהם אין זיין ארביים, און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זי שיינט מיט טויזענדער זונען. און ווי גליך זי איז דאָס געזעסען אויף דעם שאַרער מיט די לייצעס אין די הענד! און ווי גלייך די ווינד־רייהען זיינען דאָס געלעגען אין אַ פיער עקיגען קאַסטען ארום דעם אַלפאַלפאַ פעלד!

אַ ווינטעל האָט געבלאָזען.

און אייזיק האָט געטראַכט:

ווען איך וואָלט געווען דער ווינט און וואָלט זיך איבער די אַלפאַלפאַ רייהען דורכגעבלאָזען!

## י"ח.

אין אבענד אז הערר גאָלדענבאַרג איז אַרויס אַ קוק טאָן פון זיין הויז צו דעם ווייטען פעלד מיט דער אָבגעשניטענער אַלפאַלפאַ, האָט ער געזאָגט, אז עס זעהט אויס ווי אַ סך, אַ סך ווייסינקע שעפּעלעך זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען און זיך אויף דעם פעלד געלעגט צו אָפּרוהען איבער־נאכט.

דער פערד־יונג איז אויך אַרויס אַ קוק טאָן.

די זון האָט געהאַלטען ביים אַרונטערגעהן פון יענער זייט באַרג אין מערב זייט פון גאָלדענבאַרג'ס הויז.

דער פלאַכער און ברייטער טהאָל האָט זיך געָרויטעלט און ווייך געמאַכט דאָס אָנגעשטרענגטע אויג.

עס איז געוועזען שטיל אַרום אויף ווייטע ווייטען.

און העט אין מזרח אויף אַ באַרג האָט זיך דערזעהן אַ קליינע פיגור פון אַ פערד.

די גאָלדענבאַרגס האָבען זיך אויסגעזעצט אויף אַן אַלטען איבער־געקעהרטען שליטען וואָס איז געלעגען נעבען הויז; דבורה האָט זיך נאָך בעשעפטיגט מיט הויז־אַרבייט און איז אַלעמאָל אריין אין הויז און צוריק אַרויס, און פון די טיעפענישען פון דער ערד דאָט אָפּגעקלונגען דאָס איידעלע ריטמישע געזאַנג פון איהרע פיס.

דער פערד־יונג איז געלעגען צושטרעקט אויף דעם גראָז, אונטערגע־שפּאַרט מיט זיין רעכטען אָרעם און ערגעץ ווייט זיינע אויגען געציעלט.

— נאָר ווי ווייסינקע שאָפּעלעך, איך וואָלט שווערען... — האָט הערר גאָלדענבאַרג איבערגע'חזר'ט, קוקענדיג צו דעם ווייטליכען אַלפאַלפאַ פעלד.

— איך האָב שוין געשניטען אַלפאַלפאַ אין פערשיעדענע ערטער, אָבער אַזאַ ווי די היינטיגע בעוואונדער איך! — האָט דער פערד־יונג ווי אויסגעלאָזען אַן אינערליכען, לאַנגען געשפּרעך.

פּלוצלינג האָבען אַלע אָנגעשטעלט די אויערען.

— מיר דאַכט, עס קומט א רייטער, — האָט הערר גאָלדענבארג געזאָגט.

דאָס קלאַפּען פון פערדישע פּיס האָט זיך דערנעהנטערט.

דבורה איז ארויסגעקומען פון הויז שנעל, און אין אָטעם אָנגעזאָגט:

— א רייטער קומט!

אלע האָבען זיך אויפגעשטעלט. חוץ דעם פערד־יונג, און זיינען אוועק צום פאָרענט פון הויז.

צום הויז זיינען צוגעריטען צוויי רייטער און ביידע האָבען מיט איין מאָל אויסגעשריען:

— גוטען אבענד!

— אָה, יאָהאַן! גוטען אבענד! — האָט הערר גאָלדענבארג מיט גאַסטפריינדליכקייט געענטפערט. — און וועמען האָב איך די עהרע צו קענען? — האָט גאָלדענבארג געפרעגט אויף דעם צווייטען יונגען מאַן.

— דאָס איז מיינער א פריינד... איך האָב מיט אייך זעהר וויכטיגעס צו שמועסען, — האָט יאָהאַן געזאָגט כאַפּענדיג א בליק צו דבורה'ן, וואָס איז געשטאַנעןביים טהיר פון הויז און זיך געטוליעט צו פרוי גאָלדענבארג.

— מיט מיר, זעהר פיין, קומט אין הויז אריין, — האָט הערר גאָל־דענבארג מיט א שמייכעל געזאָגט.

יאָהאַן איז ארונטער פון זאָטעל מיט איין שפּרונג, ער האָט זיין פריינד אויך מיטגעבעטען, אָבער יענער האָט געקוקט דאָ צו דעם קאָפּ פון זיין פערד, דאָ צו דבורה'ן, וועלכע, ווי איהם האָט זיך געדאַכט, לאַכט פון איהם עפּעס אָפּ... און ער האָט בעסער אויסגעקליבען צו בלייבען אויפ'ן פערד.

ביידע פרויען זיינען צוריק אוועק צום אלטען שליטען, נאָכדעם ווי הערר גאָלדענבארג האָט אריינבעגלייט יאָהאַנ'ען דורך דער אָפענער טהיר אין הויז אריין.

דער פערד־יונג איז נאָך אלץ געלעגען אויפ'ן גראָז, ער האָט אפילו ניט געפרעגט ווער עס איז דאָרטען געקומען. זיין וועלט און זיין בליק זיינען געווען אין דער ווייטער ברוינליך־דונקעלער מערב'שער אונבע־שטימטהייט...

דבורה האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן שליטען און מיט שרעק גענומען

טראַכטען, אז יאָהאַן איז דאָס איצט ווייזט אוים געקומען בעטען איהר האַנט...

און פרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך פערטראַכט, — איבער עפּעס א סיבה האָט זי זיך גראַד איצט ווידער דערמאָנט ווי אזוי איהר שוין לאַנג גע־שטאָרבענע מאַמע איז צו איהר געקומען איינמאָל פאַרנאַכט, ווען זי איז געזעסען גאַנץ אליין אויפ'ן שוועל פון הויז און געקוקט אויף דער שטילער און לײדיגער ווייטקייט... איהר מוטער איז צו איהר דאַן געקומען ווי א לעבעדיגע, מיט א גרויסער שאַל אויפ'ן קאָפּ, און האָט זיך שטיל אװעק־געזעצט נעבען איהר און האָט ביי איהר מיט רחמנות געפרעגט:

„טאָכטערעל, אוואו האָסטו זיך פערקליבען אין אזא ווייטען לאַנד... צווישען פרעמדע?" — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

נאַכטליכער און דונקעלער איז אויף דער פרעירי געוואָרען און פון הויז ארוים האָט זיך באַלד דערהערט הערר גאָלדענבאַרג'ס קול:

— רחל, רחל! קום נאָר אריין. קום אריין!

פרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך גלייך א הויב געטאָן און מיט שנעלע טריט גענומען געהן צו דער טיר פון הויז, און דערביי געטראַכט:

„עס איז גאָרנישט"...

און זיך דערמאָנט:

„עס הענגען דאָך צוויי ביקסען אויפ'ן וואַנט."

און זי האָט א שווערען זיפץ געטאָן:

„וואָלטען נאָר צוויי קינדער פאַר די צוויי ביקסען אויפגעוואַקסען."

---

ווען הערר גאָלדענבאַרג האָט אריינגערופען זיין פרוי אין הויז, איז פאַר דבורה'ן נאָך קלאָרער געוואָרען, אז יאָהאַן איז דאָס טאַקע צוליעב איהר געקומען. און אין גאַנצען דער עקעל וואָס זי האָט געפיהלט צו יאָהאַנ'ען האָט איהר א שלאָג געטאָן אין הארצען.

אין דרויסען איז פון דער טונקעלהייט א פינסטערניש געוואָרען און מען האָט שוין ניט געקאָנט דערקאָנען דעם צווייטענ'ס פּנים.

מיט אמאָל אָבער האָט זיך איבער דער צפון־זייט פון דעם הויכען סקאָסנעם דאָך גענומען שפּאַרען א לייכטער ווייסער שיין. — ערגעץ

ארויף אויף דער אנטקעגענדיגער זייט פון הימעל האָט אויפגעשיינט דער „צפון־שיין".

דבורה האָט זיך פערגעסען אין אלץ, איז אויפגעשפרונגען און פרעה־ליך אויסגעשריען:

— דאָס צפון־ליכט! דאָס צפון־ליכט!...

דער פערד־יונג האָט זיך פון גראָז אויפגעהויבען, אויף זיינע פיס אויפגעשפרונגען און איז געבליבען שטעהן מיט פערגאַפטע אויגען צום הימעל געווענדט:

— וואָס ווילען דאָרט די גייסטער פון די ווייטע אייזינע לענדער? זיי שרעקען אונז מיט זייער שטראַהליגען ליכט. און זעה נאָר ווי די שטראַהלען הויבען זיך אין הימעל אריין, ווי פייערדיגע זיילען, און ווי זיי ציהען ערגעץ אהין, אהין...

— שטערנס מוזען דאָרט איצט ברענען — האָט זיך דבורה אָבגערופען, צוקומענדיג גאָר נאָהענט צו איהם.

— און אויב עס זיינען דאָרטען דאָ שטערנס וואָס ברענען, מוזען דאָס זיין אידישע שטערנס — האָט דער פערד־יונג צוגעגעבען.

דבורה האָט זיך אומגעקוקט אויפ'ן פערד־יונג. — ער איז געשטאַנען ווי אַן אייזערנער און איז געווען פערגאַפסען פונ'ם צפון־ליכט...

זי האָט זיך מיט אמאָל צוגעפרעסט צו איהם און געפרעגט:

— אייזיק, ווער ביזטו?... אייזיק!... איך קאָן דאָך דיך ניט. איך ווייס ניט ווער דו ביזט. זיי ניט אזוי בעהאַלטען. זאָג...

די נאַכט איז געווען פינסטער און ליכטיג און שטיל.

דער פערד־יונג האָט זיך אומגעקוקט אויף דער קליינער דבורה, האָט זי ארומגענומען מיט זיין גרויסער האנט און געזאָגט:

— דבורה, איך האָב דיר אַ סך צו זאָגען, אָבער הער: איך וויל אז דו זאָלסט וויסען אז איך וועל אוועק קיין פאַלעסטינאַ, און איך וויל אויך אז דו זאָלסט ניט מיינען אז עפעס קאָן מיך אָפּהאַלטען. קיין זאַך וועט מיך ניט מאַכען צו ענדערען מיין בעשלוס. דאָרטען וועל איך בויען מיין היים און ניט ווי אַ פרעמדער צווישען פרעמדע... איך בין שוין געווען אַ פרעמדער אין דער גאַנצער וועלט און איך וויל שוין מעהר קיין פרעמדער ניט זיין. איך וויל צו דער היים פון אונזערע אבות, דאָרטען, ווען איך וועל זיך מיהען און ארבייטען פלייסיג, וועט דאָס ניט פערפרעמדט ווערען.

— הערר גאָלדענבארג מיינט, אז אלע שכנים האָבען איהם דאָ ליעב, און ער ווייס ניט אז דער גוי איז שטיל און פערביסען. —

— אַט דאָ ניט לאַנג ברייננג איך ארויס אונזער שווארצען סאַמעטענעם אַגער קיין גלאַדסטאָן אויף אינספעקציאָן... עס זיינען זיך אהין אַנגעפאָהרען אַ סך פאַרמער פון ארום און ארום. דער רעגיערונגס־דאָקטאָר בע־טראכט זייערע אלעמענס פערד, און מיט אלעמען איז גוט און פיין, קיינעם ארט ניט, קיינער זאָגט גאָר ניט... נאָר ווען עס קומט צו הערר גאָלדענ־בארג׳ס פערד ציהען אלע אָן זייערע אויגען און איינער רעדט ארויס:

„דאָס בלוט פון יעזוס האָט דער איד אין זיין פערד אריינגעגאָסען, ווי עס שיינט!...."

— און אין די אויגען רעדען זיי דאָך אלע אזוי פריינדליך: „הערר גאָלדענבארג" און „הערר גאָלדענבארג!" און דאָס איז טאַקע דאָס אונגליק, דבורה: דער גוי טראָגט זיין גיפטיגע שנאה הינטען־ארום.

— און אז איך קום און דערצעהל דאָס צו הערר גאָלדענבארג, וויל ער ניט גלויבען און דרינגט נאָך, אז עס קאָן גאָר ניט געמאָלט זיין אין אמעריקא. — די פאָטערס פון דעם לאַנד זיינען געווען אלע גלייך.

— יא, יא. די פאָטערס פון דעם לאַנד זיינען געווען אלע גלייך און אלע גלייך האָבען געעפענט די טויערען פאַר דער גאַנצער וועלט. היינט אָבער זיינען זיך אהער אַנגעלאָפען אלערליי גוי׳אישע פעלקער, וואָס האָבען אין זייערע בוזעמס געבראכט דעם האַס צו אלץ וואָס איז ניט גוי׳איש, דעם האַס וואָס זייערע מוטערס האָבען אין זיי אריינגעגאָסען מיט דעם מילך פון זייערע ברוסטען... זיי זיינען אהער אַנגעקומען און האָבען פאַר זיך קלויסטערס געבויט און אין די קלויסטערס — שולען פאַר זייערע קינדער געמאכט. און דאָרט וועקגעזעצט לעהרער וואָס האָבען אין זיך אויך אריינגעזויגט דעם גיפטיגען האַס צו אלץ וואָס איז ניט גוי׳איש...

— הערר גאָלדענבארג דרינגט, אז עס קאָן ניט געמאָלט זיין אין אמעריקא.

— און איך זעה, ווי ביי זיך אויפ׳ן האַנט:

— עס קומט דער טאָג, ווען פלוצלינג וועלען זיך אוועקשטעלען די „גוטהערציגע" גוי׳אישע בירגער קעגען דעם אידען, זיי וועלען אפּער־נעמען דעם שאַרפען מעסער פון אונטער זייערע קליידער און וועלען עס אריינשטעכען אין אידישען הארצען אריין....

דבורה האָט ביי די לעצטע ווערטער זיינע אַ ציטער געטאָן, און מיט שרעק זיך אַראָבגעלאָזט אויף די קניע. זי האָט מיט איהרע אָרעמס ארומ־גענומען זיינע פיס...

אין דרויסען איז געווען שטיל און דאָס צפון־ליכט האָט זיך פאַר זיי מיט הויכע ויילען געשיינט אויף דעם נאַכטיגען הימעל.

דער פערד־יונג האָט אָנגענומען דבורה'ן פאַר'ן האַנט, זי אויפגע־הויבען פון דער ערד און איז מיט איהר אַוועק מיט'ן ווייץ־פעלד, צווישען די קופּקעלעך געבונדענע ווייץ־גאַרבען אנטקעגען דעם צפון־ליכט.

די איבערגעבליבענע האַרטע ווייץ־שטאַמען האָבען זיך געבראָכען אונטער זייערע ביידענס פיס.

פון דעם נאָהענטען און דאָך ווייטען און ווייסען צפון־ליכט איז די פינסטערניש פון דער נאַכט געדיכטער געוואָרען.

זיי זיינען געגאַנגען אָהן אַ סוף. זיך געדרעהט צווישען די רייען און ווייטער געגאַנגען און זיך צוריק אומגעקעהרט און דער פערדיונג האָט דערצעהלט:

— מיר זיינען ניין ברידער געווען. אַ טאַטען זעהר אַ פרומען געהאַט. די מוטער האָט געהאַלטען אַ קליין קרעמעל אין דאָרף, וואו מיר האָבען געוואוינט. דער טאַטע פלעגט צוביסלעך אַרויסגעהן אויפ'ן דאָרף האַנדלען מיט די גוים און פאַר אונז, אַז מיר האָבען אָנגעהויבען אויפצואוואַקסען, האָט ער אַ שטיק לאַנד אָבגעדונגען און מיר האָבען עס מיט טאַבאַק פערזעצט...

דאָס דאָרף האָט געהאַט אַ שלעכטען שם אַרום און אַרום און מיר, די ברידער, האָבען געהאַט אַ שם פאַר אונזער מוטה צו וואוינען אין אַזאַ דאָרף און ניט מורא האָבען פאַר די „גוים".

— און אין „יענע טעג"... איז אין אַ נאָהענטען שטעדטעל איבער איין הערינג, וואָס אַ איד האָט צו אַ גוי אין אַ מאַרק־טאָג פערקויפט, אַ ווילדער געשלעג אויסגעבראָכען, און האָט באַלד אַזוי דערשראָקען די אידען פון שטעדטעל, אַז מען האָט אונז, די ניין „שטאַרקע קינדער" (אַזוי האָט מען אונז גערופען) דורך אַ געהיימען שליח געשיקט רופען.

— מיר זיינען געקומען צו־שפּעט... אידישע גוטס איז שוין געווען צוטראָטען אין די גאַסען. און ביי אידישע טעכטער זיינען שוין די אויגען

געוועז אויסגעשטאָכען... געזאָגט האָט מען אונז, אַז די גוים פון אונזער דאָרף זיינען געווען די ערשטע אָנצוהויבען דעם בלוטיגען טאַנץ...

— מיר, אַלע ניין, האָבען פערביסען מיט די צייהנער און אַוועק צוריק אין דאָרף און זיך נעגעבען אַ שבועה ניט צו פערשווייגען...

— אַז מיר זיינען צוריקגעקומען שפּעט אין אָבענד פון שטעדטעל, האָבען מיר געפונען אונזער הויז אָבגעברענט... דאָס גאַנצע דאָרף איז געווען שטום און פינסטער. אַלע זיינען געשלאָפען...

— אונזערע בהמות זיינען געלעגען מיט אויפגעריסענע מאַגענס און אונזער טאַטע און מאַמע האָבען מיר געפונען און זיי האָבען ניט געענט־פערט... האָבען מיר זיך צושפּרייט איבער דעם פינסטערען שטומען דאָרף, און עס איז געווען ווי עמיץ האָט מיט אונז גערעדט פון איין זאַך און מיר האָבען אַלע צוגעשטימט עס צו טאָן...

— מיר האָבען דאָס דאָרף פון אַלע עקען אָנגעצונדען. און דאָס פייער פון איין הויז האָט דאָס צווייטע פערכאַפּט... עס זיינען מיט שטרוי די דעכער געווען בעדעקט און טרוקען, פון די מאַרצאָווע ווינטען... מיר האָבען די ארבייט אָפּגעטאָן און זיך צוזאַמענגענומען אויף דעם הויכען באַרג וואָס איז געשטאַנען קעגען דאָרף...

— עס האָט זיך אויפגעהויבען קעגען שטאַק בלינדען הימעל אַ נע־דרעהטער, דונקעל־רויטער פלאַם. און עס איז דער הימעל אויף מיילען ווייט העל רויט געוואָרען, און עס איז געווען שטיל אַ צייט, און נאָר דאָס קנאַלען פונ'ם פייער וואָס האָט איבער'ן דאָרף זיין אָפּעטיט געשטילט... עס האָבען זיך צוקלונגען, ווי דורך אַ כשוף פון ווייטען, גלאָקען פון קלויס־טערס... עס האָט זיך דאָס דאָרף געברענט און עס איז פון די הייזלעך קיין קרעכץ ניט געקומען... די שטיינער פון דעם באַרג זיינען היים געוואָרען און מיר זיינען שוין אַלע געשטאַנען אויף דעם שאַרפען אָפּשניט פון באַרג, אויף דער גרויסער סקאַלע וואָס מיר האָבען פון אונזער יוגענד אָן גערופען דעם „רוח'ס מעסער". מיר האָבען געקענט זעהן אויף מיילען, די פעלדער און וועלדלעך, וועלכע האָבען אויסגעוויזען ליכטיג, ווי זיי וואָלטען ברענען...

עס האָט פון ווייט אַ גאַלאָפּ פון פערד אָנגעהויבען צו קומען, און באַלד האָבען מיר אויף דעם וועג אין אונזער דאָרף אריין אַ צוואָוואָרפענע מחנה רייטער דערזעהן. און נאָך די רייטער זיינען וועגענער געפאָהרען. די פערד און די וועגענער האָבען מיט זייערע פיס די ערד ניט בעריהרט,

אזוי ווילד זיינען זיי געלאָפען און נאָך גיכער זיינען די רייטערס געפלוי־גען און א ווילדער, שכור'ער געאַכצעריי האָט זיך געטראָגען פון די העלזער פון די רייטער און פון די וועגען־טרייבער, און אז זיי האָבן זיך דער־נעהנטערט צום ברענענדען דאָרף, האָבען מיר באלד דערזעהן אונזער טעות...

— .... דאָס זיינען די גוים פון אונזער דאָרף געוועזען אין ערגעץ אין אנדער דאָרף אויף א שמחה... זיי האָבען זייער ארבייט אין אידישען שטעדטעל אָפּגעטאָן און עס איז א שמחה פערטרונקען...

— ...און באלד האָט מיין עלטערער ברודער געטאָן א פּאַטש מיט ביידע הענט און איז ארונטער פונ'ם שאַרפען שטיין אין אָפּגרונד, און איידער מיר האָבען נאָך געקענט הערען דעם שטומפּיגען אָפּקלאַנג פון אָפּגרונד איז דער צווייטער ברודער מיט א פרעהליכען „האָך" ארונטער־געשפּרונגען... און דער דריטער און פירטער האָבען עפּעס געזונגען אזוי באנג... און ווען דער פינפטער און זעקסטער זיינען ארונטער אין אָפּ־גרונד האָבען זיי גאָר ניט געזאָגט, נאָר מיט פערמאַכטע אויגען און מיט צוזאַמענגעלעגטע הענט אויף זייערע ברוסטען. און דער זיבענטער און אכטער ברודער האָבען א קוק געטאָן צום ברענענדען דאָרף און צו דער גאָהענטער מחנה פון אונזערע דאָרפס־גוים, וואָס זיינען אנגעקומען מיט זייערע ווייבער און די יונגע בחורים פון דאָרף וואָס זיינען געריטען אויף זייערע יונגע פערדלעך מיט ווייסע פּאַטשיילעס אין די גריוועס אריינגע־פלאָכטען...

— ... אז עס איז געקומען צו מיר, האָט זיך פלוצים אונזער פרומער פאָטער, אין ווייסען בעצוויגען, בעוויזען און מיך פאר מיינע אקסלען אנגע־כאַפּט... איך האָב געהויבען מיינע פיס, מיין הארץ איז אין מיר צושפּרונ־גען געוואָרען, און ער האָט מיך געהאַלטען און געזאָגט:

— „... עס זאָל מיין דור ניט אָפּגעמעקט ווערען!... געה אוועק אין א פרעמדען, ווייטען לאנד און הויב אָן צו בויען, פון דאָס ניי!... בוי אויף א היים, און אז דיין ווייב וועט דיר געבוירען א קינד, זאָלסטו ביי זיין וויעגעלע איהם פון דעם אלעמען דערצעהלען, און דער עיקר זיין מוטער זאָל עס אויף פריהער וויסען.... זי זאָל עס אין איהר מילך דעם קינד אין זיין בלוט אריינפליסען... געה אוועק!..."

## י״ט.

נאָך דער צפון־ליכט נאַכט זיינען אַוועק עטליכע טעג.

הערר גאָלדענבאַרג האָט זיין אַלפּאַלפּאַ אין די סטויגען אַריינגעלעגט און נאָכדעם דעם ווייץ געדראָשען.

און אין צווישען די אַרבייטען איז איהם אָפטמאָל אויפגעשוואומען דער געדאַנק וועגען דעם, וואָס דער יונגער יאָהאַן עלקינס האָט פון איהם געוואָלט.

לכתחילה האָט עס ביי איהם אויסגעזעהן, ווי ווען עמיץ זאָל קומען צו איהם און איהם זאָגען:

„גיב מיר אַוועק דיין האָב און גוטס, אומזיסט!“

אָדער:

„פּאַרנעם זיך פון דאַנען!“...

און נאָכדעם איז דאָס ביי איהם אַזוי אויסגעקומען:

דעם פערד־יונג וויל ער דאָך נור, אויב זי, דבורה, זאָל איהם וועלען. וועט ער איהר דאָך ניט געהן איינרעדען דוקא דעם פערד־יונג.

און נאָך עפּעס אַנדערש:

מען זיצט צווישען זיי שוין אַזוי לאַנג. מען טיילט זיך מיט דער אַרבייט, מען אָטעמט דיזעלבע לופט;

איז ווי אויב דבורה זאָל צוקומען און זאָגען:

— אָנקעל, יאָהאַנ׳ען האָב איך די עהרע פּאַרצושטעלען אַלס מיין....

„איי, וואָס מיין טאַטע האָט חתונה געהאַט מיט אַ אידישע טאָכטער, און וואָס — האָט גאָלדענבאַרג געטראַכט, — איך אַליין האָב רחל׳ען פּאַר אַ ווייב און וואָס דבורה׳ס מוטער האָט אויך אַ אידען פּאַר אַ מאַן, איז נאָך ניט קיין בעוויז אַז דבורה מוז נור חתונה האָבען מיט אַ אידען.

„זי קען נאָך זיצען און וואַרטען אָט־אָ־דאָ אויף דעם אידען איהר חתן, ער זאָל קומען צו געהן, ביז׳ן גרויען צאָפּ...“

עס איז געקומען די צייט פון ווייץ־דרעשען.

הערר גאָלדענבאַרג איז, נאָך דעם מנהג פון יענער געגענד, ארויס אײנלאַדען די שכנים צו קומען העלפען דרעשען זיין ווייץ, און ער האָט זיך אָנגעשטויסען אויף אַ מאָדנעם נייעם קלאַנג.

מען האָט ביי איהם געפרעגט: „וואָס איז די אורזאַכע פאַר וואָס דער אַלטער עלקינס פערקויפט זיין היים"... און וואוהין פאָהרט ער אוועק... דערביי האָט מען עפּעס מאָדנע ניי אויף גאָלדענבאַרג'ען געקוקט.

— דער אַלטער עלקינס פערקויפט ?!... — האָט זיך גאָלדענבאַרג געוואונדערט.

עפּעס מאָדנע ניי און אונהיימליך האָט דאָס צו איהם געקלונגען...

און ווען ער איז אוועק צום אַלטען עלקינס איהם אײנלאַדען ער זאָל קומען העלפען דרעשען, האָבען זיי זיך בעגעגענט און ניט געקענט קוקען איינער דעם אַנדערען גלייך אין די אויגען אריין.

— איך וועל קומען פריהער פון איטליכען, — האָט דער אַלטער על־קינס געפונען פאַר נויטיג צו ענטפערען אויף הערר גאָלדענבאַרג'ס איינלאַדונג.

וועגען זיין אוועקגעהן פון דאַנען און וועגען דעם פערקויפען פון זיין היים האָט ער ניט דערצעהלט, און הערר גאָלדענבאַרג האָט איהם ניט געפרעגט.

און דער אַלטער עלקינס איז טאַקע געקומען פריהער פון איטליכען מיט צוויי פערד אין דעם לייטערנעם וואָגען איינגעשפּאַנט. און אז עס האָט זיך אָנגעהויבען דער טאָג, האָט דער אַלטער פלייסיג און עפּעס מיט אַ נייעם אויסזעהן אַלעמאָל אונטערגעפיהרט צו דעם מאשין אַ פולען וואָגען מיט ווייץ־גאַרבען.

יאָהאַן איז אויך איינגעלאַדען געוואָרען, נאָר ער איז ניט געקומען.

הערר גאָלדענבאַרג האָט געהאַט קריינקונג דערפון.

ער האָט דאָך איהם ניט געזאָגט „ניין".

קומט אַ יונג בעטען די ערלויבניש אויף דבורה'ס האַנט... מען זאָגט איהם גאָר פרעג ביים מיידעל... וואָס האָט ער זיך אָנצו'ברוגז'ען ?...

און נאָכ'ן מיטאָג אז עס איז געקומען די געלעגענהייט, אז אַלע מענער האָבען זיך צוזעצט, ווער אין דרויסען אויף דעם אַלטען איבערגעקעהרטען שליטען און ווער אויף דעם גראָז אין שאָטען ,צו כאַפּען אַ „סמוק", האָט

הערר גאָלדענבארג א פרעג געטאָן ביים אלטען עלקינס, וואו יאָהאָן איז ערגעץ... און וואָס ער מאכט אין זיין געזונד...

— אין אלדי רוחות און געזונד ווי א רוח... — האָט עלקינס געענט־פערט מיט א האסטיגען ציה פון זיין פיפקע, א קרומען שפיי אין זייט אריין. — ווער האָט איבער דעם צו שאפען היינטיגע צייטען... ווען איך בין אין זיינע יאָהרען געווען אין דראָש צייט, האָב איך געדאַנקט גאָט אז איך האָב געקאָנט שלאָפען ביי דער נאַכט...

פרוי גאָלדענבארג האָט א לייכטען ציטער געטאָן ווען איהר מאַן האָט דערמאָנט יאָהאַנ׳ס נאָמען, זי האָט ניט געוואוסט פאַר וואָס, נאָר פונ־דעסטוועגען האָט זי ניט פערפעהלט צו הערען דעם אלטען עלקינס׳ ענט־פער און זי האָט צייטליך בעמערקט:

— וואָס אמאָל איז ניט היינט... יאָהאַן איז א קלוגער בחור... איך האלט פון איהם זעהר פיעל...

— זיין מאמע איז געוועזען א קלוגע בהמה, עך, עך, — האָט עלקינס זיך צולאָזען — פארוואָס־זשע זאָל ער ניט זיין קלוג, אָבער זי איז דאָך געווען מיהזאם און פעהיג ווי צעהן מענער צוזאמען...

— אה, ער וועט א ווייבעלע זיך נעמען, וועט ער אנדערש זיין, פלייסיגער ווערען — פרובט פרוי גאָלדענבארג...

— א ווייבעלע, וואָס נאָך? — מאכט דער אלטער עלקינס און ציהט אָפּ די רעהרעל פון פיפקע — עס איז לייכט צו זאָגען א ווייבעלע. וואו נעמט מען זי?

— וויגציג מיידלעך ביי די שכנים? — שטעלט אריין הערר גאָלדענ־בארג — נאָר זעהט, אז דער עלטערער זוהן זאָל פריהער חתונה האָבען...

— עט, טאַ, טע, — צוקאָכט זיך עלקינס און טוט זיך א קראַץ מיט די גראָבע, אומגעלומפּערטע פינגער אין זיינע הארטע, גרוי־שווארצע האָר פון קאָפּ. — מיידלעך ביי די שכנים... עס איז לייכט צו זאָגען, מיידלעך ביי די שכנים... מיר זיינען דאָ אלע פרעמדע טייוואלים... יעדער טייוועל האָט זיך זיינע געגנגעלעך... אָט, ווען ער זאָל זיין א לייט, מיין יאָהאַן, שרייב איך אין דער אלטער היים און מען שיקט פון זיינעטוועגען ארויס א מויד...

דערווייל האָט פון וויטען פעלד דער דרעש־מאשין א שארפען פייף

געטאָן, אַלע מענער האָבען זיך געכאַפּט און אוועק צו דער ארבייט. פרוי גאָלדענבאַרג איז געבליבען מיט דבורה׳ן אויג אויף אויג.

זיי האָבען פלינק געוואַשען די געשיר און דער קול פון פאַרצעליי און דאָס שטומפּיגע קלינגען פון גאָפּעל, לעפעל און מעסער האָבען זיך געיאָגט איינס נאָך ס׳אַנדערע.

ביי פרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך יעצט זעהר פיעל געטראַכט וועגען אַט דער קליינער דבורה׳לען... ווי גיך זי האָט עס דעם טעלער איינגעטונקט אין דער גרויסער מאַקערטע מיט הייסע וואַסער... זי וועט שוין זיין איינ־מאָל א ווירטין!... און ווען דער יאָהאַן זאָל האָבען א אידישען טאַטען!...

עס איז איהר ארויפגעקומען דעם אַלטען עלקינס׳ ווערטער: „מיר זיינען דאָ אַלע פרעמדע טייוואָלים“... — די ארבייט צוטיילט מען צווישען זיך, מען העלפט זיך איינער דעם צווייטען מיט געלד... און ווייטער קען מען שוין ניט געהן... „יעדער טייוועל האָט זיך זיינע גענגעלעך“... וואָרום זאָל עס אזוי זיין?...

איהר האָט זיך זעהר פערוואָלט צו דורכריידען זיך מיט דבורה׳לען, וועגען דער זאַך. און זי האָט טאַקע געוואָלט אויסגעפינען צי האָט יאָהאַן מיט איהר פון עפּעס שוין געשמועסט. יאַ, א רחמנות אויף יאָהאַנ׳ען, ווי ער בעט זיך: „מיר קומט דבורה׳ס האַנד... איך האָב זי פון דער פרעירי געבראַכט און גאָט האָט מיר איהר יונגען לעבען געשיינקט“... און יאָהאַנ׳ס אומגעלומפּערטער פּאָטער; רעדט גראָב: „פרעמדע טייוואָלים“...

פרוי גאָלדענבאַרג האָט א טראַכט געטאָן:

ווען עס וואָלט געווען מיין בלוט און מילך, אַט די פלינקע, קליינע דבורה, וואָלט איך יעצט אויך געשיקט אין שטאָדט צווישען אידען נאָך א יונג א אידישען... נאָר זי זאָל כאָטש ניט אריינפאַלען... ווייל מיט דעם פערד־יונג — ווער ווייסט צי עס וועט עפּעס ווערען. און דערצו — גלאַט וואָס איז דאָס פאַר א פּאָר, אַט די שטיפערישע דבורה און אַט דער יונג וואָס ווייסט נאָר ארבייט, עסען און זיין צימערעל... נאָר וואָס איז דבורה, אזוי שפּעט, אין יענער „צפון־ליכט“ נאַכט, נעגאַנגען שלאָפען?...

און פרוי גאָלדענבאַרג ווענדעט זיך צו דבורה׳ן:

— האָסטו געמענט דבורה זעהן ווי דער פערד־יונג האָט היינט גע־שלונגען דעם „רוהבאַרב־פּיי“... פע, א מאַנספערשוין זאָל אזוי ליעב האָבען צו נאַשען...

דבורה האָט שוין פון דער מוהמע נאָך פריהער געהערט א פּאָר עהנ־ליכע בעמערקונגען, האָט זי זיך אָנגע׳ברוגז׳ט און געזאָגט:

— מוהמעלע, איך האָב ליעב צו זעהן ווי אייזיק עסט.

— אזוי?!

— הו־הו!

— אוי וועה, אָט פאַלט אַרונטער דער פּאָלומעסיק! — טוט פרוי גאָלדענבאַרג פּלוצים א פערדרעה דעם געשפּרעך.

דבורה האָט ארויפגערוקט דעם פּאַלומעסיק אביסעל העכער און מיט א קינדערשען טאָן געזאָגט:

— ווייסט איהר, מוהמעלע, איך געה — —

— וואוהין געהסטו?

— וואוהין אייזיק —

— משוגע צו מיטערע...

— אוי, מוהמעלע, איך געה.

— גאָט זאָל שומר ומציל זיין, וואָס רעדסטו קינד מיינס? דאָ ביי מיר ביזטו די גרויסע און ביי דיין מאַמען וואָלסטו געוועזן נאָך גאָר א קליינטשיגס, יאָ, אָט אזא קליינטשיגס!...

א מינוט האָבען זיך ביידע פרויען אָנגעקוקט...

דאַן.

— איך וויל אוועקגעהן, מוהמע!

— דיין מאַמע האָט דיך צו מיר אין די הענד געגעבען און איך וועל דיך אָפּהיטען!...

— איך קען זיך שוין אליין אָפּהיטען.

— ווער האָט עס דיר געזאָגט, דער פערדיונג?!

— נישט קיינעמס דאגה.

— זעה נאָר, אן עזות, זי ארויסגעפּיהרט צו דער „צפון ליכט“ און איהר נעעפענט די אויגען... נעבעך שלעכט זי בעהאנדעלט!... זאָג, פעהלט דיר עפּעס ביי מיר?

— מיר פעהלט גאָר ניט, איך האָב די גאַנצע וועלט!...

— אזוי?!

— הו, הו!...

— די גאַנצע וועלט!... ער וועט דיך אין ערגעץ ווייט אַוועקפיהרען און וועסט זיין דאָרטען איימיג אַליין...

— מוהמעלע, איך בעט אייך, מוהמעלע, נעהמט זיך ניט צום האַר־צען דערפון... איך וועל שוין האָבען אַ סך פרייד אונטער דעם דאָך וואָס ער וועט פאַר מיר פון ווייסינקע שינדעלעך אויפקלאַפּען...

— אַזוי?!

— הו, הו!...

— איך וויל ניט זאָלסט אַזוי רײדען צו מיר, הערסט!

— הו, הו! הו, הו! — קרימט איהר נאָך פרוי גאָלדענבאַרג.

איז דבורה גאָר אַנטלאָפען אין איהר צימערל און האָט זיך אַריינ־געוואָרפען אין בעטעל מיט'ן פּנים צו דער וואַנד...

פרוי גאָלדענבאַרג האָט מיט אַ פייכטען כעס אין איהרע גרויסליכע אויגען געענדיגט אין קיך די נאָכמיטאָגדיגע ארבייט. און צולעצט האָט איהר אָנגעהויבען באַנג צו טאָן פאַר וואָס זי האָט זיך מיט דבורה'ן אָנגעהויבען.

איהר כעס האָט זיך איינגעשטילט. זי האָט זיך באַלד צוריקגע־כאַפּט און געגומען מאַכען פּלענער ווי אַזוי דבורה'ן איבערצובעטען, דער עיקר, ווי אַזוי צו פערגלעטען די גאַנצע זאַך, אַז עס זאָל ניט ארויסקומען אויף דער ווייסער וועלט... זי איז טאַקע באַלד אַוועק, געכאַפּט דעם בעזעם און אָנגעהויבען צו קעהרען דאָס גרויסע עס־צימער און אַ רוף געטאָן:

— דבורה'לע, וואו ביסטע?

קיין ענטפער.

זי קעהרט וויימער, רייבט דעם דיל מיט'ן בעזים אויף איין פּלאַץ. און ענדליך לאָזט זי פאַלען דעם בעזים און לויפט אריין אין דבורה'ס צימערל, טוט אַ פּאַטש מיטביידע דאַלאָניעס:

— וועה איז צו מיר, דבורה'לע, וואָס איז מיט דיר?... — איך האָב נור שפּאַס געמאַכט. גאָט ווייסט דעם אמת, אַז אַלעס איז דיינס... איך וועל עסען אַ טרוקען שטיקעל ברויט און וואַשען דיינע קליינע פּיס־לאַך און טרינקען דאָס וואַסער... זיי מיט אונז... זיי נאָר מיט אונז, דבורה'לע. בלייב מיט אונז.

דבורה האָט ניט געענטפערט. אין שטוב איז געווען שטיל. פון

פעלד האָט זיך געטראָגען אַ פרעהליכער הוזשען פונ׳ם דרעש־מאַשין, ווי עס וואָלט ערגעץ אויף דער פרעירי אַ חתונה זיין. און פון צייט צו צייט האָט דער מאַשיניסט גערופען מיט זיין הייזעריגען פייפעל. אַט דריי בעזונדערע פייפלעך, דאָס האָט געהייסען, אַז מען זאָל ליידיגע זעק ברענגען: נאָט האָט געגעבען אַ סך ווייץ... און אָט אַ געדעהטער, טרויעריגער פייף, אַז מען זאָל ברענגען וואסער וואַ־אסער!...

פרוי גאָלדענבאַרג האָט זיך צוגעזעצט אויף דבורה׳ס בעטעל און איהר אָנגעהויבען צו גלעטען אַרום קאָפּ און אַרום פּנים.

זי האָט געטראַכט:

— צו וואָס די גאַנצע מיה?... איינעם גיט גאָט קינדער און אַן אַנדערען גיט ער צו די קינדער...

דבורה איז געלעגען מיט אַ קינדערשען קאַפּריז אַריינגעביסען צווישען איהרע ברוינע ליפּען און געטראַכט.

צוויי וועגען זיינען פאַר איהר אָפען... דער פערד־יונג וועט קומען צו רייטען פון הינטען און וועט זי אַ כאַפּ טאָן.

און זיי וועלען זיך אַוועקיאָגען...

זי וועט האַלטען איהרע אויגען פערמאַכט. ערשט עט, עט וויים, וועט זי עפענען די אויגען, און זיך אַזוי פרעהען!

---

און פרוי גאָלדענבאַרג איז לאַנג געזעסען לעבען דבורה׳ן און גע־טראַכט:

שוין איבער צוואַנציג יאָהר, אַז זי האָט חתונה געהאַט מיט הערר גאָלדענבאַרג׳ען. פון ערשטען טאָג אָן האָט מען זיך געמיהט און גע־פּלאַגט.

עס דערמאָנט זיך איהר אַ צייט אין אַ ווינטער. עס האָט אויף דער פּרעירי געשנייט. און ווען עס שנייט אויף דער פּרעירי און דו זיצסט אין הויז און קוקסט דורך דעם פענסטער, דאכט זיך דיר אויס, אַז עס איז קיינער נישטאָ אויף דער וועלט חוץ דיר און נאָך עפּעס אַן אַלטער וויים־גרויער פרוי, וואָס זיצט ערגעץ און ציהט אויס ווייסינקע, פלאַקסענע פעדערמלאָך אויף דעם שפּינער...

עס האָט געשנייט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד. עס זיינען פערוויישט געוואָרען אַלע וועגען און פּלויטען. דאָס הויז איז איינגעהילט געוואָרען

אין שניי ביז איבער די פענסטער. מען האָט בעדאַרפט וואַסער אין הויז אַריין. מען האָט בעדאַרפט אַרויסגעהן צו די פערד און קיה זיי עסען צו געבען.

האָט מען בייטאָג אויסגעשניטען אַ שטעגעל אין טיעפען שניי צום ברונען און צום שטאַל, איז עס דורך נאַכט נאָך אַ מאָל פערשאָטען גע־וואָרען מיט שניי.

געלד איז געוועזען אין הויז. ברויט פאַר זיך און היי פאַר די בהמות אויך, גענוג — נאָר איינע אַליין אָפּגעשניטען פון אַ גאַנצע וועלט. און די ווייסע, אַלטע פרוי ציהט נאָך אַלץ איהר פלאַקס, איהר ווייסינקען, ווייכען פלאַקס... און קיין קינד איז אין הויז ניטאָ.

האָט גאָלדענבאַרג געזאָגט:

עס איז אַ רחמנות אויף דער קוה, זי בויגט זיך אין דרייען און עס וואַרפט איהר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן פון קעלט. די פערד האָבען אַ סך שטרוי אָנגעבעט אונטער זייערע פיס און געהען אַרום פריי אין שטאַל, איז זיי וואַרעם, אָבער די קוה קען איך ניט לאָזען אַ פרייע צווישען די פערד, אַ רחמנות אויף דער בהמה...

האָט מען די קוה אַריינגענומען אין הויז אַריין. עס איז געוועזען וואַרעם, בייטאָג און ביינאַכט האָט דער גרויסער אייזערנער אויוועז גע־ברענט. קויהלען — פון די אייגענע פעלדער.

קיין קינדער איז ניטאָ. האָט מען ביינאַכט פערבראַכט מיט דער בהמה.

זי האָט נאָר געוואָלט אַ לעק טון דעם הייסען אויוועז...

און ניט איינמאָל האָט רחל געפרעגט ביי איהר מאַן:

צוליעב וועמען?

וואָס וועלען מיר האָבען דערפון?

ער פלעגט ענטפערען:

— שווייג און וואַרט. גאָט וועט געבען אזוי ווי ער גיט פון איין קערענדעל ווייץ פינף און פירציג אַנדערע קערענדלעך.

און ווען זי האָט איהם בעגעגענט אין ניו יאָרק צום ערשטען מאָל, האָט זי איהם שוין אָנגעהויבען צו גלויבען אין אַלעס. זי איז געוועזען אַן אַמעריקאַנער אויסגעוואַקסענע, ביי נאָהענטע קרובים, די עלטערען פערלוירען נאָך אין די וויקעלאַך. ער איז דאַן געוועזען ניט לאַנג אַריבער־

געקומען אין ניו יאָרק. און זי האָט גוט געקענט די לאַנד־שפּראַך און איז געווען הויך און שעהן און פלעגט קענען ריידען מיט א מענשען און יענעם געווינען.

ער האָט קיין בעשטימטע ארבייט ניט געהאט און די מלאָכות גע־ביטען און זיך ניט געקענט צושלאָגען צו עפּעס רעכטס.

און געפרעגט האָט זי זיך אליין:

אזא מוטהיג געזיכט, אזוינע געזונדע הענד, קען דען די שטאָדט קיין נוצען פון איהם ניט האָבען?

ער האָט איהר געזאָגט:

„אין שטאָדט איז פאַר מיר איינג און איך פיהל זיך אין כח צו בויען אונזער היים אין ערגעץ א פריי אָרט..."

— אוואו דו וועסט געהן, וועל איך אויך געהן, און וואו דו וועסט גליקליך זיין, וועל איך זיך מיט דיר טהיילען... — האָט זי געענטפערט.

און ער האָט געבויט די היים.

ער איז אוועק מיט אן אייזערנעם בריק. איך נאָך איהם.

דאָס ערשטע יאָהר א פעלד מיט בולבעס. מיר האָבען די בולבעס אויסגעגראָבען און נאָך דעם איינענעם הערבסט די זעלבע פעלד מיט ווינטער־ווייץ פערזייט.

האָבען גויים געשמייכעלט:

ווינציג ערד פערהאַנען?

גאָלדענבארג האָט געטאָן זיינס. ווי גוט איז געווען ווען ער פלעגט איהר אויג אויף אויג געבען צו ערקלעהרען פאַר וואָס ער טוט עס אזוי. זי האָט איהם געגלויבט.

און קומענדען יאָהר האָט ער „אויפגעריסען" אַן אנדער שטיק לאַנד, און ווען ער האָט נייע לאַנד „געריסען", האָט ער עס געטאָן שטיל און פּאַמעלעך און אָפּגעהיט, אז יעדער פאַך זאָל זיין איבערגעקעהרט מיט'ן גראָז ארונטער. און האָט זיך א פאַך פערוואָלט צו לעגען מיט'ן גראָז ארויף, פלעגט זיך גאָלדענבארג ניט פוילען, זיך אומקעהרען און עס פער־טרעטען מיט'ן פוס.

און געאַקערט האָט ער נאָר אין גלייכע ליניען. תמיד איז דאָס פעלד ארוים א גלייכע — איין ברייט און איין ליינג.

די שכנים האָבען דערפון זיך אויסגעלאַכט.

גאָלדענבארג האָט געהאט זיין אייגענעם בליק און איז אוועק מים זייגע אייגענע כחות און איז געוועזן דער האַרר פון זיינע לענדער.

ער האָט אויף אויסוועניג געוואוסט זיינע ערדען און אלע ווינקלען פון זיין ראנדזש, און האָט געדענק וואו ער האָט דאָס קלענסטע טשוועקעל אוועקגעלעגט.

ווייל דאָס מינדסטע טשוועקעלע האָט ביי איהם זיין אָרט געהאט און האָט ער אַ טשוואק אין ערגעץ אריינגעקלאפט, איז דאָס געוועזן אַ טשוואק אריינגעקלאפט פאר זיך און פאר קינדס־קינדער.

און ער האָט געזעהן, אז די לענדער, וועלכע זיינען ווייט פון הויז, האָבען אויף זיך בערג און טהאָלען און אין די טהאָלען לויפען טייכלאך, האָט ער פערשטאנען, אז דאָס איז גוט פאר פיטערונג.

און לייטזעליגקייט אין זיינע אויגען האָבען געהאט זיינע פערד זעהר פיעל. ווען די ווייס־גרויע קליאטשע האָט אַ קליינטשיגס געבוירען, האָט מען עס געהאָדעוועט ווי אַ קליין קינד. עס איז אזוי צוגעוואוינט גע־וואָרען צו דער פרוי גאָלדענבארג, אז עס פלעגט ניט וועלען זיין מיט איהר מוטער און תמיד שטעהן און ווארטען ביים טהיר פון הויז, אז פרוי גאָלדענבארג זאָל איהם דערלאנגען עפּעס אַ נאַשעריי.

אָדער הערר גאָלדענבארג פלעגט אָנבויגען זיין קאָפּ און דאָס קליינע פערדעלע פלעגט ארונטערכאפּען זיין קאַפּעליוש און מיט דעם אוועק־בריקענען און ארומלויפען ארום הויז און צוריקקומען שוין אָהן דעם קאַפּיליוש.

— דו שיבענעק, — פלעגט גאָלדענבארג פרעגען דעם פערדעל, — וואו האָסטו פערוואָרפען מיין הוט?

דאָס פערדעלע פלעגט שטעהן און מאכען מיט זיין רונדען און גלאַנ־ציגען קעפּעל אראָפּ און ארויף. און מען פלעגט שטעהן און זיך אָנ־לאַכען דערפון...

האָט הערר גאָלדענבארג'ן איינמאָל אָנגענומען אַ חשק צו פער־פיהרען אַ שטאם פון פערצעראנער פערד, און עס זאָל זיין אין זיי די בלוט פון דער בראָנקאָ אריינגעמישט. איז דאָס אויך רחל'ען געפעלען געוואָרען.

און אז נאָט האָט זיי געהאָלפען, מען האָט צום פירטען יאָהר פון זייער „היימעוועו" אין דער ווייטער וועסט, די ברויטען און די פלאַקס

פערקויפט און די גוטע פרייזען אויף גענומען, איז הערר גאָלדענבארג אוועק אין דער שטאָדט מינעאפּאָלים און געקויפט ניין מיידלאך־בראָנקאָס און איין אָגער פון דעם אמת־ריינעם פערצעראנער בלוט.

און זיי געבראכט אהיים און א טהייל פון די בערגיגע און טהאָליגע פעלדער אין דראָטענע פּלויטען איינגעצוימט און די פערד־„מיידלאך" אהין אריינגעלאָזען.

האָבען די שכנים געלאכט:

„א בראָנקאָ מיט א פערצעראן איז אזוי ווי א קאץ מיט אַן אינדיק..."

גאָלדענבארג האָט אָבער געטאָן זיינס.

עס איז אוועק נאָהענט צוויי יאָהר און אויף גאָלדענבארג'ס פעלדער זיינען שוין ארומגעלאָפען יונגע פערדלעך. שווארץ און גלאַט ווי סאמעט פון „טאטען'ס" צד, און מיט א ווייסינקען פלעק אויף דעם שטערען צווישען די אויגען פון דער „מוטער'ס" צד.

דאָס יונגע פערדיל האָט געהאט א רונדען און ברייט־ביינינען אויס־זעהן, ווי דער פערצעראן און א דינעם, קורצען האלז און א לייכטקייט אין די דינע, גלייכע פיסלעך, ווי די בראָנקאָ.

א פערדעל אויפגעצויגען און איין אנדערס איז געקומען...

גאָט האָט אין דער פרעמד געגעבען אַלץ, נאָר ניט קיין קינדער.



דער זומער איז געפלויגען צו זיין שנעלען סוף.

די ארבייט אין גאָלדענבארג'ס פעלדער האָט זיך געטאָן איינע נאָך די אנדערע, מיט א סדר.

דער פערד־יונג האָט געטאָן זיין ארבייט אין צייט און מיט פלייס, כאָטש ער האָט זיך געגרייט אין וועג אריין.

געטראכט האָט ער, פריהער צו פערענדיגען אלע ארבייטען אין גאָלדענבארג'ס פעלדער, אויך העלפען ארייננצוגעהמען די יונגע „פיליעס" אין דעם שטאָל אריין אויף איבער ווינטער, אויך העלפען אנצוגראָבען קויהלען פון די אייגענע בערג אויפ'ן גאַנצען יאָהר.

און דאַן וועט ער פאָהרען קיין ניו יארק, די גרויסע וועג פון זיינע יוגענד חברים, זיך מיט זיי צום לעצטען מאָל אָפּגעזעגענען. און איבער־הויפּט א קוק טאָן, וואָס די חברים פון „פּועל הצעיר" (ער איז געוועזען א מיטגליעד אין אזא פעראיין) דענקען צו טאָן עפּעס פאַר פּאַלעסטינא.

מיט דבורה'ן האָט ער מעהרער ניט געשמועסט, ווייל ער האָט פיינט געהאַט „שטרויענע העלדישקייטען", ווי ער האָט עס אליין א נאָמען גע־געבען. ער האָט בעגעהרט, אז אין יענער מינוט, ווען ער וועט זיין פאַרטיג אָפּצופאָהרען, זאָל דבורה מיט איהם אויך מיטגעהן.

דבורה אליין האָט זעהר פיעל געטרוימט.

און אז זי האָט זיך דערוואוסט פון דער פאַמיליע עלקינס, ווי זיי האָבען פערקויפט אלעס און אוועק קיין קאַנאַדא, האָט איהר זעהר באַנג געטאָן וואָס זי האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט יאָהאַן זאָל קומען צו איהר בעטען איהר האַנד. זי האָט איהם כאָטש איינמאָל געוואָלט א שפּיי טאָן אין פּנים אריין פאַר יענער מיאוס'קייט וואָס זי האָט געפיהלט אין זיין שוים, ווען ער האָט זי דאַן פון פּרעירי געבראַכט.

פון דעסטוועגען האָט זי עס פערבעהאַלטען ביי זיך אן האַרץ און האָט עס נאָך קיינעם ניט דערצעהלט, אפילו ניט דעם פערד־יונג, אייזיק'ן,

— פערבעהאַלטען האָט זי עס מיידעלש. וואו אַלע איהרע סודות זיינען געלעגען ביז זי וועט שפּעטער מיט אייזיק'ן זיצען אין זייער אייגענער הויז און דאַן וועט זי אין מינוטען איינזאַמע איהם עס דערצעהלען...
דערווייל האָט זיך איהר געוואָלט עפּעס אויף אַ וואונדערליכען אופן מיט דעם פערד־יונג פון פרעירי אנטלויפען.

און אַז די פרוי גאָלדענבאַרג פלעגט זיך ביי דבורה'ן בעטען און בעטען: „ווי לאָזסטו אונז איבער איינע אַליין אָט אַ דאָ?...“ פלעגט דבורה זיך עקשנ'ען און באַלד דער מוהמען געבען איין איינציגען אויס־וועג: „פערקויפט, מוהמעלע, ווי עלקינס האָט פערקויפט...“

דערווייל זיינען אַלע אין גאָלדענבאַרג'ס הויז אַרומגעגאַנגען ווי שטומע, איטליכער האָט זיך געהאַט זיינע וועגען און זיינע מחשבות.

און עס איז געוועזען אין אַ רעגענדיגען טאָג אין חודש אלול, ביי הערר גאָלדענבאַרג'ען האָט מען אין אַ רעגענדיגען טאָג ניט געאַרבייט אין פעלד.

רחל און דבורה האָבען געטאָן זייערע אַרבייטען אין קיך.

דער פערד־יונג און הערר גאָלדענבאַרג זיינען שוין פאַרטיג געוואָרען מיט די לייכטע אַרבייטען אַרום הויז, שטאַל און הויף, און זיינען געזעסען אין גרויסען צימער און געלעזען, געדרויכערט און געטראַכט.

הערר גאָלדענבאַרג'ס פּנים איז געוועזען פערצויגען מיט טרויער און זאָרג. דאָס איז איהם פערבליבען פון נאָך אַ געשפּרעך, וואָס ער האָט מיט אַ צייט צוריק געהאַט מיט אייזיק'ען. ער האָט מיט אייזיק'ען געשמועסט, איהם פאָרגעשלאָגען צו פערבלייבען דאָ אויף אַ פעסט־גע־בויטער היים און אויף אַ פעטער ערד און דער פערד־יונג האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט...

גאָלדענבאַרג האָט אָבער מיט אַלע כחות געפּרובט פערבאָרגען דעם וואָלקען פון צער אויף זיין פּנים, ווען ער פלעגט זיין אויג אויף אויג מיט'ן יונג.

און איצט, זיצענדיג מיט איהם אין גרויסליכען צימער, האָט גאָלדענ־באַרג פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק אויף דעם פערד־יונג'ס פּנים. איהם האָט זיך פּלוצים אָנגעהויבען דאַכטען, אַז דעם פערד־יונג'ס פּנים לויכט מיט עפּעס אַ מין פערבאָרגענעם געפיהל... „עפּעס גאָר אַן אַנדער מענש!“...

גאָלדענבאַרג'ן איז אויפגעקומען אין געדאַנקען יענע צייט פון זיין לעבען, ווען ער איז פון דער גרויסער שטאָדט אין „דער וויטער וועסט" אוועק. וואָס האָט איהם דען געפעהלט אין ניו יאָרק? ער האָט דאָך געהאַט קרובים... און פון דעסטוועגען האָט ער מיט רחל'ען געוואָלט חתונה האָבען נאָר אויף דעם תנאי, אז זי זאָל מיט איהם מיטגעהן אין דער וויטער וועסט... און קיינער האָט איהם דאַן ניט געקענט שטערען אין זיינע פּלענער...

ער איז געגאַנגען צו זיין צוועק מיט זיכערע טריט, און אזוי געהט ער נאָך ביז צום הייננטיגען טאָג...

— אייזיק, — רופט זיך פּלוצים אָן הערר גאָלדענבאַרג, — אייזיק, איך פערשטעה אייך. איך בין אויך אזו געוועזען ווי איהר. אָבער איין זאַך וויל איך אייך בעטען. איך בין איצט אייך מודיע, אז אויב איהר בלייבט ביי מיר, איז דאָס אַלעס וואָס הייסט גאָלדענבאַרג'ס ראַנדזש, אייערס! בלייבט מיט אונז. איך וועל וויטער טאָן מיינע פליכטען ביז עס וועט שלאָגען די בלוט אין מיינע אָדערען... אייזיק, פערבלייבט מיט מיר, מיט אונז!

— איך וועל דאָ פערבלייבען, ביז איך וועל אייך אויסהעלפען אריינ־צוברענגען די ברויטען, די „פּיליעס" אין שטאַל אריינצונעהמען און אייך אויך העלפען אָנצוגראָבען קויהלען, און דאַן — „גוד ביי!".

— מ י ר העלפען! מוחל אייך, אייזיק, מוחל, — האָט הערר גאָלדענבאַרג פּלוצים געהעכערט זיין טאָן. — אויב איהר ווילט פון דאַנען געהן, דאַן געהט אייך שוין!

די פרויען אין קיך האָבען דערהערט גאָלדענבאַרג'ס געשריי, ווייל די לעצטע ווערטער: „געהט אייך שוין!" זיינען ארויס מיט א זעהר אויפגערעגטער הויכער שטימע. זיינען זיי געקומען אריינצולויפען אין שטוב אריין.

— וואָס איז געשעהן?

— וואָס איז געשעהן, אָנקעל?

— ענטשולדיגט, — האָט זיך הערר גאָלדענבאַרג אויפגעהויבען פון זיין אָרט און גענומען שפּאַנען איבער'ן צימער. — ענטשולדיגט. די פּרעירי האָט אין מיר ווילדקייט איינגעפּלאַנצט. איך האָב צו אייך שטרענג גערעדט. איך וויל ניט, אז איהר זאָלט רחמנות האָבען אויף

מיר. ווייל אַזוי ווי איהר, אייזיק, האָט אייער צוועק אין אייער פּאַלעס־
טינאַ, אַזוי האָב איך מיין צוועק אָט אַ דאָ אויף דער פּרעירי... אויב
איהר ווילט נאָך פערברענגען אייניגע טעג מיט אונז, וועט איהר זיין
נאָר אַ גוטער גאַסט — די ארבייט אין פעלד און אין שטאַל וועל איך
אַליין טאָן...

— אַ גאַסט?! ווער האָט עס צייט צו זיין אַ גאַסט? איך פאָהר
נאָך היינט אין רעגען, אַוועק!...

— איך פאָהר אויכעט! — האָט דבורה גענומען שפּרינגען איבער'ן
צימער, — איך פאָהר אויכעט!

העדר גאָלדענבאָרג איז געבליבען שטעהן אַ פערגליווערטער מיט
ביידע הענד אין דער לופטען, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט אָנהויבען צו
טאָן און מען האָט איהם אַ שטאַרקען זעץ געטאָן אין מח אריין.
רחל האָט זיך צוואויינט.

